# מיינע אַיינדריקע
# פון ארץ ישׂראל

פון פנחס פּושקאָף

ISBN:0-657-12318-8

# מיינע איינדריקע
# פון ארץ ישראל

פון

## פנחס פושקאָף

פרייז $2.50

(דער גאַנצער פּראָפיט פון בוך געהט פאַר'ן אידישען נאַציאָנאַל־פאָנד, אַ מתנה צו זיין 25טען יובילעאום)

ארויסגעגעבען פון פארפאסער
P. Puchkoff, 1317 E. 31st St., Brooklyn, N. Y.
1928

# אינהאַלט:



## ערשטע איינדריקע.



## תל אביב.



## ירושלים.

## טבריה.



## אין די קאָלאָניעס.



## אין גליל.



## צוריק צום גלות.

צו מיין ליבער פרוי

# ברײנה

בת ר׳ בנימין קאָהן

**אַ מתנה — צו דיין 54טען געבורטסטאָג (י׳ שבט, תרפ״ח).**

פון דיין, דיך אייביג ליבענדען און שעצענדען מאַן

**פנחס**

עפ״י אמת, איך זאָל וועלען מקיים זיין דעם פסוק: „תנו לה מפרי ידיה ויהללויה בשערים מעשיה" — „גיט איהר פון די פרוכט פון איהרע הענט און לויבט אין די טויערען איהרע טאַטען" — וואָלט איך באַדאַרפט דיך פאָרשטעלען דאָ פאַר די לעזער און זיי דערצעהלען דיינע אַלע מעלות און פארדינסטען. עס וואָלט מיר אויך ניט שווער געווען דאָס צו טאָן. איך וואָלט ציטירט דאָס גאַנצע קאַפיטעל „אשת־חיל" מיט יהואָש׳ס איבער־זעצונג אין אידיש, ווייל יעדע שורה, יעדעס וואָרט פון יענעם קאַפיטעל איז פונקט צוגעפאַסט צו דיר! אָבער איך וועל אויס־פילען דיין פערזענליכען פארלאַנג דאָס ניט צו טאָן.

איינע פון דיינע גוטע טאַטען קען איך דאָך ניט פארשווייגען. דאָס איז דיין באַגלייטען מיך אויף אונזער רייזע קיין ארץ־ישראל. מיט דיין הייסער ליבע צו אונזער פאָלק און צו אונזער לאַנד האָסטו מעגליך געמאַכט אַז ס׳זאָל פארווירקליכט ווערען אונזער ביידענס חלום, וואָס מיר האָבען צוזאַמען צעהנדליגע יאָהרען

געטרוימט צו זעהן מיט אונזערע אייגענע אויגען אונזער לאַנד ארץ־ישראל!

אייביג וועל איך דיר בלייבען דאַנקבאַר פאַר דער דאַזינער טאַט דיינער, וועלכע איז איבער אַלע דיינע פאַרדינסטען עולה על כולנה! נעם צו „מיינע איינדריקע פון ארץ־ישראל" אַלס אויס־דרוק פון מיין טיפער און האַרציגער דאַנקבאַרקייט צו דיר.

# א בריף פון „אידישען נאַציאָנאל פאָנד".

114 Fifth Ave., New York,
January 12, 1928

Mr. P. Puchkoff,
221 Highland Park,
Brooklyn, N. Y.

ליבער חבר און פריינד:

מיר ווילען אייך באגריסען צו דער געלעגענהייט פון דער ערשיינונג פון אייער בוך „מיינע איינדריקע אין ארץ ישראל".

אייער נאָמען איז אונז באַקאַנט פאַר יאָהרען. איהר האָט אַלעמאָל ארויסגעצייגט אייער איבערגעבענהייט צו אַלעם וואָס איז נוגע ארץ ישראל בכלל, און צו דעם אידישען נאַציאָנאַל־פאָנד בפרט. דער געדאַנק פון גאולת הארץ איז געוועזן אימער נאָהענט צו אייער הארצען. ביי פארשיידענע געלעגענהייטען האָט איהר געדענקט דעם נאַציאָנאַל־פאָנד און דורך אייער שטיצע און מיט־הילף זיינען געשאַפען געוואָרען מיטלען אויף צו פארגרעסערען אונזערע עראָבערונגען אין ארץ ישראל.

איהר זייט ביז יעצט געוועזן אַ „נאה מקיים". אונז האָט גע־פרעהט צו הערן אַז איהר ווילט אויך זיין אַ „נאה דורש". אייער באשלוס ארויסצוגעבען אין בוך־פאָרם אייערע איינדריקע פון ארץ ישראל איז לויבענסווירדיג. איהר האָט אין אונזער לאַנד פאַר־בּראַכט אַ היבשע צייט, און עס וועט געווים זיין זעהר אינטערע־

סאַנט צו הערען וואָס איהר, אַ „פאָלקס־מענש", האָט געזעהן און געלערענט אין אונזער היימלאַנד. דאָס צייגט די ברייטקייט פון אייער נאַטור, וואָס איהר ווילט אייער פאַרגעניגען ניט האַלטען בלויז פאַר אייך, נאָר אויך אַנדערע זאָלען געניסען.

איהר פאַרדינט נאָך אַ גרעסערען יישר כח פאַר אייער באַשלוס צו ווידמען די איינקונפט פון אייער בוך צום אידישען נאַציאָנאַל־פאָנד. מיט דיזער טאַט ועט איהר גלייכצייטיג זיין אַ „נאה דורש" און אַ „נאה מקים".

דאָס אידישע פובליקום בכלל און אייערע פריינד בפרט וועלען געוויס באַגעגענען מיט צופרידענהייט אייער בוך. עס וועט זיי פאַרשאַפען פאַרגעניגען באַקענענדיג זיך מיט אַלעם וואָס קומט פאָר אין אונזער היימלאַנד, און גלייכצייטיג וועט אונזער באַליבטער פאָלקס־פאָנד אויך געניסען.

ווינשענדיג אייך גליק, פאַרבלייבען מיר

ברגשי כבוד ובברכת ציון,

אידישער נאַציאָנאַל פאָנד,

ח. רובין, סעקרעטאַר.

# אַ ברכה פון אמת'ע פריינד.

שיקאַגאָ, יאַנואַר 10, 1928.

מיט פיל פאַרגעניגען און גרויס פרייד שיקען מיר אייך אונ־זער האַרציגע ברכה צו דער אַרויסגעבונג פון אייער בוך „מיינע איינדריקע און יעדער איד אין וועלכען דאָס האַרץ בענקט נאָך

אַלע אונזערע געפיהלען און איבערלעבונגען דעם גאַנצען ווינטער פון 1925—1926 ווען מיר מיט אייך, אונזערע ליבסטע און טייערסטע פריינד, האָבען צוזאַמען איבערגעפיהלט און איבער־געלעבט אין אונזער ליבען לאַנד ארץ־ישראל קומען יעצט איז אייער בוך צום אויסדרוק און וועלען זיין און בלייבען אומפאַרגעסליך.

אייערע „איינדריקע פון ארץ־ישראל" זיינען אויך אונזערע איינדריקע און יעדער איד אין וועלכען דאָס האַרץ בענקט נאָך ארץ־ישראל, זיינען מיר זיכער, ווען, לעזענדיג אייערע איינדריקע, זיין אַזוי באַיינפלוסט און אין אַ געוויסער מאָס ווי אַלעם אליין דורכלעבען ביז ער וועט זיי אויך אָנרופען פאַר זיך: „מיינע איינדריקע פון ארץ־ישראל". און דיזע איינדריקע, האָפען מיר, וועלען שאַפען ביים לעזער אַ חשק מיט אַ שטאַרקען ווילען אַליין צו פאָהרען און מאַכען אַן אייגענע „עליה" קיין ארץ־ישראל....

נעמט צו אונזער ברכה און טיפען וואונש איהר זאָלט האָבען געזונט און אריכת־ימים און מיט פיל נחת זאָלען מיר זוכה זיין זי־זעהן נאָך אמאָל אין ארץ־ישראל!

אייערע אמת'ע פריינד,

הערשעל און כאַסיע טשאפּמאַן,

1647 סאוטה סענטראל פּארק עוו., שיקאגאָ, איל.

# א פּאָר ווערטער צו די לעזער.

ווען עמיצער וויל אַז מען זאָל זיך גוט צוהערען צו זיינע רייד זאָגט ער, ווי געוועהנליך, און בעט זיך ביי יענעם: „הערט זיך צו מיט קאָפּ!". איך וויל דאָ בעטען מיינע לעזער זיי זאָלען לעזען „מיינע איינדריקע פון ארץ־ישראל" ניט אזוי „מיט קאָפּ" ווי „מיט הארץ" — אָט פונקט ווי איך האָב דאָס געטאָן. אלעס וואָס איך האָב דאָ געשריבען, האָט דאָס מיר נאָר מיין הארץ דיקטירט.

דר. שמריהו לעווין האָט אונז איין מאָל, אין זיינע געשפּרע־כען מיט אונז אין ציון־קלוב אין תל־אביב, געזאָגט אַז דאָ (אין ארץ־ישראל) געהט אָן מעהר הארץ־ארבייט ווי קאָפּ־ארבייט.

— אומעטום, אויף דער גאנצער וועלט איז צוויי און צוויי — פיר, — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט צו אונז מיט זיין געוועהנליכען שארפזין. — ביי אונז מאכט זיך אָפּט, אַז צוויי און צוויי איז דריי און צוואנציג...

אויב איהר וועט נאָר לעזען מיינע איינדריקע מיט הארץ, וועל איך שוין אגב אויך זיין געזיכערט אַז איהר וועט מיך ווייניגער קריטיקירען, ווייניגער זוכען ביי מיר טרוקענע לאָגיק א. ז. וו., ווייל דאָרט וואו עס האנדעלט זיך וועגען געפיהל און סענטימענט איז דאָך ניט שייך.

און אויב אין מיין גאנצען בוך, וואו איך באשרייב אלעס

וואָס איך האָב געזעהן, וואָס איך האָב איבערגעלעבט און איבער־געפיהלט אין ארץ־ישראל וועט זיך געפינען כאָטש איין אָרט וואו אייער הארץ וועט זיין כאָטש עטוואָס געריהרט פאר אונזער ליבע לאנד, וועל איך זאָגען „דינו!" און דער צוועק פון מיין גאנצער מיה און ארבייט וועט זיין דערגרייכט.

ווינשענדיג יעדען פון אייך, מיינע ליבע לעזער, איהר זאָלט אין א געזונטען און גליקליכען אופן זעהן מיט אייערע אייגענע אויגען בבנין ציון וירושלים, בין איך אייער

פנחס פושקאַף.

# טרערן

„דורכשלאָגען זאָלען זיך אַייערע טרערן
גרינגער זאָל ווערען, פרייער זאָל ווערען,
אפשר, ווער ווייסט, וועט נאָך גאָט אַמאָל געבען
איבערגעהן וועלען די פינסטערע צייטען,
אזיך אונז וועט אפשר געראָטען ווי לייטען,
בעסערס און שעהנערס דערלעבען!"
— ביאליק

1.

איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר דאָס ארץ־ישראל האָט מיך געמאכט אַזוי פיהלבאר, אזוי סענטימענטאל, אַז באַלד עפּעס הייב איך אָן צו וויינען... באַלד עפּעס הייב איך אָן קרימען פיסקעס און עס שטעלען זיך טרערן אין די אויגען... איך פלעג אימער לאַכען פון אַ מאַנסביל, אַז איך האָב איהם געזעהן וויינען. פע! פלעג איך זיך טראַכטען — דאָס פאַסט זיך פאַר אַ פרוי, ניט פאַר קיין מאַנס־פאַרשוין. און איצט, זינט איך האָב זיך אָנגעפאנגען מיט ארץ־ישראל, בין איך געוואָרען אַ רעגעלע אידענע... באַלד עפּעס, עפּענען זיך קראַנטעלאך ביי ביידע אויגען און עס ציפּקעט פון דאָרטען אקוראַט ווי נעפּריטשקעם ביי אַ אשה...

שוין עטליכע מאָל אז דאָס ארץ־ישראל האָט מיך געמאכט צום וויינען. און געוויינט האָב איך, מיינע טייערינקע, יעדעס מאָל

מיט אזוי פיל הארץ און מיט אזוי פיל נשמה, אז עס וועט אייביג זיין אויסגעקריצט אין מיין זכרון, און יענע הייליגע מאָמענטען וואָס האָבען ארויסגערופען יענע אויך הייליגע טרערען, וועלען בלייבען ביי מיר אומפארגעסליך ביז׳ן לעצטען טאָג פון מיין לעבען. און איבערדעם וועל איך פרובירען איבערגעבען אויף פאפיר, אויף וויפיל מיין אָרימע פען וועט מיר נאָר ערלויבען, יענע געפיהלען און איבערלעבונגען פון יענע זעלטענע אין מיין לעבען היסטאָרישע מאָמענטען.

דאָס ערשטע מאָל איז דאָס געווען ווען אונזער שיף „מאורעטאניא", איינער פון די גרעסטע שווימערס איבער׳ן אטלאַנטיק, האָט אויפגעעפענט זיין באַסאָווע שטימע און געלאָזט וויסען דעם עולם, אז נאָך א פאָר מינוטען און ער פארלאָזט דעם האפען פון ניו יאָרק. מיר, איך און מיין ליבע פרוי, האָבען ביידע באלד דערפיהלט עפעס ווי א ריס אין הארצען... אלע אונזערע באגלייטער, אייגענע און פריינד, האָבען גלייך פארלאָזט די שיף. מיר זיינען געבליבען שטעהן אויפ׳ן דעק ווי פארגליווערטע און א שמאָלער פאס ים האָט שוין געמאכט א צווישען־שייד צווישען אונז און זיי... נאָך איין מינוט נאָר, נאָך עטליכע סעקונדען, נאָך עטליכע אויסגעשרייען „צאתכם לשלום!", „א גליקליכע רייזע!", נאָך עטליכע פלאַטערונגען מיט די פאטשיילכעלאך, נאָך עטליכע אונז אריבערגעווארפענע קושען פון די ליבע קינדער און אייניקלעך, אונזער גאנצער פארמעגען אין לעבען... און ענדליך דער לעצטער לופט־קוש פון אונזער דזשונילע, דאָס פיר יאָהריגע אייניקעל, וואָס איז געשטאַנען אויף די פיסלעך ביז איינס אזייגער ביינאכט, אבי צו זאָגען א „זיי־געזונט" דעם זיידען מיט דער באָבען אין דער לעצטער מינוט ווען זיי פאָרען אוועק קיין ארץ־ישראל... און ניט מעהר! מעהר זעהט מען זיי שוין ניט.. מיר זעהען נאָר פאר אונז די הויכע בערג פון די ניו יאָרקער הימעל־קראצערס מיט די צעהנדליגע טויזענטער ליכטעלאך. עס הערט זיך די באַסאָווע שטימע פון אונזער ים־ריז וואָס צעשפרייט זיך

לאנגזאם און געמיטליך איבער'ן ים אויף וועלכען ער פיהלט זיך עפּעס ווי א היימישער... מיר דערפיהלען זיך עלענדע און פאר־לאָזטע, דערווייטערענדיג זיך אלע מאָל ווייטער און ווייטער פון אונזערע טייערסטע און ליבסטע, אייגענע און פריינד... און אַזוי שטעהענדיג אָהן ווערטער צונויפגעפּרעסט איינער לעבען צווייטען, פארטיפט אין אונזערע געפיהלען און געדאנקען, געמישט פון פרייד מיט טרויער, האָבען מיר ווי אינסטינקטיוו ביידע מיט אמאָל אָנגעפאנגען צו זינגען, פריהער שטיל און באלד העכער, יהודה הלוי'ס ים־ליד:

„איך האָב פאַרגעסען אַלע ליבסטע,
איך האָב פארלאָזט מיין אייגען הויז;
איך האָב דעם ים זיך אָפּגעגעבען,
טראָג מיך, ים, צו מיין מוטער'ס שויס".
— ביאַליק.

ביים לעצטען פערז האָב איך שוין דערהערט אין מיין באַ־גלייטערינס זינגען א קינה־טאָן.. און ווען מיר האָבען פארטגעזעצט ווייטער

„און דו מערב ווינט, דו טרייער,
טרייב מיין שיף צו יענעם ברעג,
וואו מיין הארץ מיט אדלער פליגעל
זוכט שוין לאנג צו איהם א וועג."

האָב איך שוין קיין טענער ניט געהערט, נאָר א טיף ביטערליך געוויין... איך האָב געפּרובירט א לאך טאָן, א שטאַרקען לאך טאָן, אָבער עס איז שוין געווען אונמעגליך צו פארשטיקען אין מיר דאָס ווערגערניש אין האלז... און מיט אמאָל האָט א שטראָם געטאָן פון מיינע אויגען אַ קוואַל פון הייסע טרערען... די טרערען זענען געפלאָסען ווי קליינינקע טייכעלעך אינ'ם גרויסען ים און זיך דאָרטען באהעפט מיט נאָך אנדערע מיליאָנען, מיליאָנען אידישע

טרערען פון וועלכע ער — דער ים — פאַרמאָגט אין זיך אַזוי פיל און איבער וועלכע פיליייכט ער איז אימער אזוי געזאַלצען..

און דאָס ערשטע מאָל, זינט צעהנדליגער יאָהרען, האָב איך דערפיהלט דעם טעם פון טרערען, טרערען הערליכע, טרערען פון גייסטיגער פרייד, טרערען פון אייביגען גליק, דאָס גליק וואָס איך האָב זוכה געווען צו פאָהרען אין אונזער לאַנד, אין ארץ־ישראל...

2.

## מיין אָנקומען אין ארץ־ישראל.

א צווייטען פאַל פון טרערען, טרערען פון פרייד און גליק האָב איך צו פאַרצייכענען אין דעם טאָג פון אונזער אָנקומען קיין ארץ־ישראל אין דעם האפען פון חיפה.

דאָס איז געווען נאָך א פינף־טאָגיגער רייזע מיט דער שיף „גיאַניקאַלאַ", וואָס האָט געפיהרט אַ פּאָר הונדערט חלוצים און חלוצות פון טריעסט קיין חיפה. שוין פון דעם ערשטען טאָג אָן האָט זיך אָנגעהויבען פיהלען אויף דער שיף אַן ארץ־ישראל'דיגע שטימונג. די חלוצים האָבען אַלע אויסגעקוקט ווי רעקרוטען וואָס ווערען געשיקט צום „פראָנט"... צו דער הויפּט־ארמיי וואָס האַלט ביים איינעמען אַ לאַנד... יונג, פריש, מיט אַ שטאַרקען מוט און אייזערנעם ווילען געהען זיי אַלע באַוואוסטזיניג צו זייער ציל צו קומען און צו בויען זייער אייגען לאַנד... איבער'ן גאַנצען דעק הערט זיך שוין דער קלאַנג פון דער העברעאישער שפּראַך מיט דער „הברה הספרדית", באַלד הערען זיך אויך שטימען מיט נעזאַנג פון פאַרשידענע שירי־ציון און ספּעציעלע חלוצים לידער...

מיר, „ערשטע קלאַסניקעס", צווישען וועלכע עס האָט זיך געפונען איינינע פּערזענליכקייטען ווי דר. מאָסענזאָהן, פּראָפעסאָר פּיק, אבעל פּאַן מיט זיין פרוי, און ה' כספּי, א באַוואוסטער ירושלימ'ער סוחר, וועלכע זיינען געווען אויף א באַזוך אין חוץ־לארץ און קערען זיך דאָס צוריק אהיים קיין ארץ־ישראל — זיינען אַלע גלייך

פאראינטערעסירט און פארכאפט געווארען מיט דער פרעהליכער 3טער קלאס... און די מעהרסטע צייט אונזערע אויף דער שיף האבען מיר פארבראכט מיט זיי און נאר מיט זיי...

אויף דער שיף איז אויך געפאהרען „א גוטער־איד", א צדיק, ערגעץ פון פוילען, מיט א גבאי און א פאר חסידים. און, מערק־ווירדיג, ווי אונזערע ראדיקאלע חלוצים מיט די רוסישע בלוזקעס און חלוצות מיט די קורץ־געשארענע האר און נאך קירצערע קלייד־לעך זיינען גלייך געווארען מחותנים מיט דעם צדיק און מיט די חסידים און זיינען געווארען איינס, אהן אונטערשייד ווער וואס עס איז, ווייל אלע פארען קיין „ארץ" (אן אפקירצונג פון „ארץ־ישראל"). און ווען עס איז געקומען פרייטאג פארנאכט צו קבלת־שבת האט מען אלע אינאיינעם אין סאלאן פון 1טער קלאס מקבל שבת געווען. דער צדיק האט זיך נאר אוועקגעשטעלט אז מען זאל ארונטערנעמען פון וואנט דעם עלעקטריק־פען, ווייל ער זעהט אויס ווי א שתי־וערב... ווערלכעס, פארשטעהט זיך, עס איז גלייך געטאן געווארען, און באלד איז אוועק א „לכו נרננה" מיט „לכה דודי'ס", מיט אזא פייער און מיט אזא התלהבות, אז עס איז געווען ממש „מקולות מים רבים"... אביסעל אן אונטערשייד איז געווען אין דער עברי. די האבען אויסגעלאזט: כמשוש חתן עם הכלה, און יענע: „כמשוש האטאן עם הכאלא".. אבער דער פייער פון ביידען איז געווען דער זעלבער ביז'ן סוף, ביז מען האט גע־ענדיגט דאס דאוונען און מען האט זיך געוואונשען איינער דעם צווייטען — די חסידים מיט „גוט שבת" און די חלוצים מיט „שאבאט־שאלאם" (שבת־שלום)... שבת־שלום האט זיך געהערט און אויך געפיהלט איבער דער גאנצער לענג פון דער שיף, און אפילו די שעהנע גרויסע לבנה איז אויך, אפ'טובל'ענדיג זיך פריהער אין ים, ארויף צו קבלת־שבת אין אראפגעשיקט א ליבען שמייכעל מיט א „שבת שלום" צו אלע אידישע קינדער וואס געהען בויען געמיינזאם דאס אידישע לאנד...

ניט ווייניגער שעהן איז געווען דער „שלש־סעודות" מיט'ן

„אתקינו סעודתא“ ביים „רבין׳ס טיש“, וואו פראָפעסאָר פיק האָט געכאַפּט „שיריים“ און געטיילט צו די חלוצים. און נאכהער די הבדלה. און אַז די רביצין האָט ניט געקענט באין אופן געפינען די בשמים... — „זי האָט זיי אַלאיין אַוועק געלאַיגט און וואייסט ניש וויא!... — האָט זיך אונטערגעכאַפּט אַ חלוצקה און באַלד געבראַכט אַ פלעשעל פערפיום, און דער רבי האָט געמאַכט „בורא מיני בשמים“ און סע געוואָרען ליהודים... איינער האָט אָנגעפאַנגען מיט אַ זמר׳ל:

לחיים רבניו, האָט אַ גוט וואָך,
משקה ניט געזשאַלעוועט, לאָמיר טרינקען נאָך!

און חברה האָט דאָס באַלד אויפגעכאַפּט... סע האָט לאַנג ניט געדויערט און דער עולם איז אַוועק אין אַ ריקודל. פון אָנפאַנג געלאַסען און לאַנגזאַם, שפּעטער וואַרימער און נאָך וואַרימער, ביז סע האָט דערגרייכט צו דער אמת׳ער חלוצים׳שער „הארע“, אַ טאַנץ, וואָס איידער מע זעהט איהם ניט, קען מען קיין באַגריף ניט האָבען וועגען איהם. דאָס איז אַ טאַנץ ביי די חלוצים, וואָס פאַנגט זיך אָן זעהר איינפאַך און כמעט אומשולדיג, אָבער וואָס אַמאָל ווערט ער וואַרימער און הייסער, ביז ער ווערט אַזוי ווילד, אַז עס ווערט אוממעגליך זיך אָפּצושטעלען... עס צייגט זיך דאַמאָלסט דער גרעסטער עקסטאַז, די העכסטע חסידישע התלהבות, מיט וועלכע די חלוצים זיינען באַרייט צו בויען אונזער לאַנד ארץ־ישראל. און ווי גלייכגילטיג איהר זאָלט ניט זיין, און וואָס פאַר אַ קאַלטער "לונג און לעבער„ איהר זאָלט ניט זיין, מוזט איהר מיט זייער טאַנץ הינגעריסען ווערען. איהר מוזט אריין אין ראָד און אויך מיטטאַנצען מיט זיי... און אַזוי האָבען אַלע טאַקי געטאָן, און אַזוי האָבען מיר „האדון והגברת מאמעריקא“ אויך געטאָן...

דיזע העכסט אינטערעסאַנטע, פריילליכע ארץ־ישראל לופט האָט געהערשט אויף אונזער חלוצים שיף די גאַנצע צייט ביז מיר זיינען צוגעשוואומען צום ברעג פון חיפה.

דער מאָרגען איז דאָן געווען אַ ווארימער און אַ שעהנער. אונזער שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט ניט ווייט פון ברעג, צו וועל־כען מען פאָהרט צו מיט קליינע שיפלאך. אלע זיינען געווען שוין פון לאַנג פריהער אויפ'ן דעק און האָבען מיט פלאַטערענדע הער־צער און יובל־געשרייען באַגעגענט דאָס פון ווייטען געזעהענע ארץ־ישראל. לעבען אונז זיינען געשטאַנען דר. מאָסענזאָהן און ה' כספי, ארץ־ישראל אזרחים, און האָבען אונז אָנגעצייגט מיט דער האַנד אויף פארשידענע פונקטען פון דער הערליכער לאַנד־שאַפט וואָס איז געזעהן געוואָרען פון דער שיף, געבענדיג אונז דערביי גענויע ערקלערונגען פון יעדער זאַך, מיט זעהר פיעל בקיאות. אָט, צייגט מען אונז, זיינען די בערג פון נפתלי, אונטער זיי, הארט ביים ים, איז די שטאָדט „עכו" מיט אַ גרויסען ווייסען זאַמדיגען ברעג, באַמערקענדיג אונז דערביי, ווי גוטע מלמדים, „זבולין על חוף ימים ישכון"... און אָט, צייגט מען אונז ווייטער, איז דער „הר הכרמל" מיט „מערת־אליהו", די הייל וואָס אליהו האָט זיך דאָרטען אַמאָל באַהאַלטען. אונטען, גלייך ביים ים, ליגט זיך געמיטליך אויסגעשפרייט אַ שעהן ניי־שטעדטעלע „בת־גלים", די טאָכטער פון די כוואַליעס, („נימפע"), מיט זומער וואוינונגען און באַדע־פלעצער. באלד זעהט זיך די שעהנע שטאָדט חיפה, פון וועלכער ס'קוקען שטאָלץ ארויס דער פּאָליטעכניקום און ראָטשילד'ס מיהל. מיר שטעהען מיט אָפענע אויגען, מיט ציטערנדע הערצער... וואָס זעהען מיר?... איז דאָס ניט אַלעס אַ חלום?... מען טראָגט מיר צו אַ מאַראַנץ, וואָס מען האָט צוגעפיהרט פון'ם ברעג — מפרי־הארץ... איך מאַך אַ ברכה מיט אַ שהחיינו... און מיט אַמאָל איז דער מאַראַנץ באַנעצט געוואָרען מיט טרערען... איך האָב זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד, אַ קינד, וואָס האָט דערזעהן זיין מאַמען נאָך אַ לאַנגער, לאַנגער צייט פון בלאָנדזען און וואַנדערען... און דאָס איז געווען דאָס צווייטע מאָל טרערען אויף מיין רייזע קיין ארץ־ישראל, טרערען, דעם טעם פון וועלכע איך וועל קיינמאָל, קיינמאָל ניט פארגעסען!

.3

## ביים „כותל־מערבי“.

מיר זיינען יענעם טאָג אויפגעשטאַנען זעהר פריה, נאָך פאַר זון־אויפגאַנג, איבער צוויי טעמים. ערשטענס, ווייל דער פראָ־גראַם פון׳ם טאָג איז געווען זעהר אַ גרויסער און עס האָט זיך געפאָדערט מעהר צייט איהם דורכצופיהרען; צווייטענס, ווייל מיר האָבען געוואָלט טאַקי זעהן דעם זון־אויפגאַנג אין ירושלים. איך האָב פיל מאָל געהערט ריידען און אויך געלעזען וואָס מען האָט געשריבען וועגען „זון־אויפגאַנג אין ירושלים“, אָבער עס איז אומזיסט געווען זייער ריידען אָדער זייער שרייבען, און אומזיסט וואָלט אויך געווען מיין שרייבען, אויב איך וואָלט דאָס פּרובירען טאָן, ווייל דאָס איז אַ זאַך וואָס אויב מען זעהט דאָס ניט מיט די אייגענע אויגען, קען מען דורך ווערטער אָדער דורך שריפט קיין באַגריף וועגען דעם ניט האָבען... איין זאַך וויל איך זאָגען אַז אַזוי פיעל פאַרבען און אַזעלכע פאַרשידענע מינים פאַרבען, מיט אַזעלכע וואונדערליך שעהנע, פון העכסטער, טאַקע אמת הימעלשער קונסט געאַרבייטע קליידער, מיט וועלכע דער ירושלים׳ער הימעל באַדעקט זיך ביים קבלת־פּנים פון דער אויפ־געהענדער זון קען מען, גלויב איך, אין ערגעץ ניט זעהן, און נאָר דאָ אין אונזער ארץ־ישראל זעהט מען דאָס, און איך האָב עס געהאַט די זכיה צו זעהן... „ואלמלא לא באתי אלא לראות דבר־זה די! און אויב איך זאָל מעהר ניט געווען קומען קיין ארץ ישראל, נאָר צו זעהן דאָ דעם זון־אויפגאַנג, איז שוין גענוג!...

זיבען דעם זייגער אין דער פריה זיינען מיר שוין געזעסען אין׳ם אויטאָמאָביל און זיך געלאָזט אויפ׳ן וועג נאָך חברון. מיר זיינען פאַרבייגעפאָהרען בית־לחם און קבר־רחל. מיר האָבען זיך דאָ ניט אָפּגעשטעלט. מיר האָבען דאָס געלאָזט אויף צוריק־וועגס. מיר האָבען זיך יאָ אָפּגעשטעלט ביי ברכות־שלמה. די

ברכות, וועלכע זיינען מיילען וייט פון ירושלים, און דאָך האָט שלמה המלך נאָך אין זיינע צייטען געצויגען וואסער פון דאָרטען קיין ירושלים. יעצט שטעהען דאָ גרויסע מאשינען מיט מאָטאָרס, ארבייטען זעהר ענערגיש, און אין אַ גאָר נאָהענטער צייט וועלען די ברכות צוריק געבען וואסער איבער גאַנץ ירושלים כבשלמה בשעתו. מיר זיינען געשטאַנען און באטראכט די דריי גרויסע היסטאָרישע ברכות (נאָך דריי ברכות האלט מען אין אויס־גראָבען), וועלכע ליגען אין דער לייגג איינע נידעריגער פון דער צווייטער, ארומגערינגעלט מיט די שעהנע בערג פון יהודה, און באוואונדערט ווי זיי האָבען דאָס אמאָל באוואסערט אונזער הויפט־שטאָדט, און טאַקי דיזעלבע ברכות וועלען איהר ווי אמאָל טריי און עהרליך באַדינען... און אונזער באגייסטערונג איז גע־שטיגען זעהר הויך. מיר האָבען געזעהן מיט אונזערע אויגען „תחית הארץ“, די ווידעראויפלעבונג פון אונזער לאַנד.

אין חברון זיינען מיר אָנגעקומען ארום 12 מיטאָג. אונזער מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט אויסער דער אַלטער שטאָדט און צו די קברי־אבות האָבען מיר געמוזט צוגעהן צו־פוס. דורך ענגע, שמאָלע, זעהר שמוציגע און פינסטערע געסלאַך האָט אונז אונזער מורה־דרך געפיהרט ביז צו דער „מערת־המכפלה“. זעהר אַ שלעכטען איינדרוק האָט דאָס אויף אונז געמאַכט... פארוואָס זאָל מען דאָס דארפען דורכמאַכען אַזאַ שלעכטען, כמעט סכנת־דיגען וועג, אַז מען וויל באַזוכען אונזערע עלטערנס קברים? אָבער נאָך מעהר אנטוישט זיינען מיר געוואָרען, ווען מיר זיינען צוגעקומען צום פּלאַץ פון די קברים... דער מורה־דרך האָט אונז אָנגעוויזען אויף אַ גרויסער געביידע מיט דריי קופּאָלען, צוויי גרעסערע, פון ביידע זייטען, און איינע, אַ קלענערע, אין מיטען. דאָס זיינען די קברים פון אברהם ושרה פון איין זייט און פון יצחק ורבקה פון דער צווייטער זייט, און פון יעקב ולאה אין מיטען. פון איינעם פון דיזע קופּאָלען האָבען מיר פּלוצים דערהערט אַ קול, אַ טרויעריגען קול פון עפּעס אַ בעל־תפילה,

וואָס איז מתפּלל מיט האַרץ און בעט מיט תחנונים... און אַלעס קומט אַרויס ביי איהם עפּעס ווי מיט אַ ימים־נוראים'דיגען קרעכץ... און דער נגון מיט'ן נוסח איז דיר אַזוי באַקאַנט, אַזוי היימיש... מיר האָבען זיך געוואונדערט און ניט פאַרשטאַנען ווער קען דאָס זיין?... אָבער דער פיהרער האָט אונז גלייך געזאָגט, אַז דאָס איז אַן אַראַבער, אַ שליח־ציבור זייערער... און דאָס ווערען די מוסולמאַנער גערופען צו מיטאָג־תפילה... און ווען מיר זיינען אַריינגעגאַנגען אין דער געביידע, האָט אונז אַן אַראַבער, וואָס איז ספּעציעל אַוועקגעשטעלט געוואָרען פאַר דיזען צוועק, גלייך אָפּגעשטעלט אויף דער זיבעטער טרעפּ... ביז אַהער מעג ניט־קיין־אַראַבער צוקומען און ווייטער ניט... עס האָט אַ שטאָך געטאָן ביים האַרצען... סטייטש? פאַרוואָס? איז דאָס דען ניט אונזערס איין אייגען שטיקעל פּלאַץ? האָט דען אברהם אבינו ניט באַצאָהלט פאַר דיזען שטיקעל פּלאַץ מיט האַרטע דאָלערס צו עפרון החתי, דער כלומרשט פיינער מאַן, אָבער אויך אַ גוטער הויט־שינדער?...

דער קוועקזילבער פון אונזער באַגייסטערטער שטימונג האָט זיך אין יענע מינוטען אַרונטערגעלאָזט זעהר נידעריג... אַנטוישטע און אומצופרידענע האָבען מיר זיך אומגעקערט צוריק. אָבער ווען מיר זיינען נאָר צוגעקומען נאָהענט קיין בית־לחם, האָט זיך אונזער שטימונג גלייך געביטען. מיר האָבען געזעהן פאַר זיך די ברייטע, רייכע פעלדער פון בית־לחם, באַגאָסענע מיט מי־ליאַרדען גאָלדענע שטראַלען פון דער „ארץ־ישראל זון"... די פעלדער, וואָס זיינען געווען בימי שפוט השופטים, דאָס אָרט פון דער שעהנער אידיליע, וואָס ווערט דערצעהלט אין ספר־רות... דאָ האָט אויך שמואל געפונען דוד'ן און איהם געזאַלבט למלך על ישראל... און ניט ווייט פון דאָרט נאָר אַ „כברת־ארץ"... האָבען מיר גלייך דערזעהן „קבר רחל אמנו"... מיר געהען אַריין אינ־וויינינ — דאָ שוין פריי, אומגעשטערט — דער שמש ווייזט אונז די מצבה — אַ לאַנגע שטיינערנע, ווייס אָפּגעקאַלכט, מיט אויפ־

שריפטען: „קול ברמה נשמע", „רחל מבכה על בניה", „ושבו בנים לגבולם"!... ווארימע געפיהלען און זיסע עראינערונגען וועקען זיך אין הארצען, און עס ווילט זיך ארומנעמען אונזער ליבע שעהנע מאמע, זי צודריקען שטארק צו זיך, אויסגיסען פאר איהר דאס הארץ, איהר אויסדערצעהלען אלע אונזערע אויסגע־שטאנענע צרות, זיך צו פעסטשען פאר איהר, ווי א קינד פאר זיין גוטער, געטרייער מאמען... שרייען אויף אזא הויך קול און אזוי לאנג — מאמע!... מאמע!... ביז זי וועט דערהערען דיין קול... און זי וועט דאס מוזען דערהערען!...

בארוהיגטע און צופרידענע האבען מיר זיך געזעגענט מיט דער מאמע רחל און אוועק צוריק קיין ירושלים, וואו מיר האבען געדארפט פארענדיגען דעם פראגראם פון טאג.

די ערשטע זאך איז געווען צו זעהן דעם כותל־מערבי. אבער אויך אהין צוצוקומען קען מען ניט מיט א מאשין. מיר האבען זיך אפגעשטעלט ביי אמדורסקי׳ס האטעל. דארטען האבען מיר זיך אונטערגעפרישט און אביסעל אפגערוהט. מיר זיינען אויך ארויף אויפ׳ן דאך פון׳ם האטעל. פון דארטען איז זעהר לייכט צו זעהן כמעט גאנץ ירושלים מיט די בערג ארום. דער מודה־דרך האט אונז אנגעוויזען אויף א באסיין, וואס געפינט זיך אונטען, לעבען האטעל, באמערקענדיג דערביי, אז דאס איז „ברכת־צדקיהו", און דא האט דוד־המלך פון זיין מגדל באמערקט בת־שבע׳ן ווען זי האט זיך געבאדען, פון וואס עס איז נאכהער ארויסגעקומען דער סקאנדאל... מיר זיינען געשטאנען און געקוקט איז אלע זייטען פון דער שטאדט, און די אויגען האבען זיך ניט געקענט זאט אנקוקען אויף דער שעהנקייט פון ירושלים מיט איהרע בלויע בערג ארום און מיט איהרע חומות און שערים... ניט אומזיסט פלעגט מען זי רופען „עיר כלילת־יופי"... פון דארט זעהט זיך דער „מגדל־דוד", דער „הר הבית" און ווייטער צו מזרח דער „הר־הזיתים" און דער „הר הצופים", פון וועלכען עס שיינט אזוי שעהן דער העבּרעאישער אוניווערסיטעט, און אויף

וועלכען, ווייטער אַביסעל, רעכטס, זעהט זיך אויך דער היכל־הנציב. צום באַדויערען, מאַכט דער מורה־דרך אַ באַמערקונג, בליסטשען דאָרט מעהר ניט אַלע פרייטאַג צו־נאַכט די שבת׳דיגע בענטש־ליכט... אויך ניט אום חנוכה די חנוכה־לעמפּלעך... אָבער מיר האָפען, זאָגט ער ווייטער, אַז עס וועט זיך גיך בייטען און אַלעס וועט זיין ווי פריהער... מיר זיינען געווען זעהר צופרידען פון אונזער „עליה“ אויף אומדורסקי׳ס דאַך, ווייל פיעל, זעהר פיעל האָבען מיר פון דאָרטען געזעהן די שטאָדט ירושלים און אַרום איהר. „דר. הערצל ז״ל, האָט אַמדורסקי געזאָגט מיט שטאָלץ, איז אויך געווען ביי מיר אויפ׳ן דאַך און געקוקט פון דאַנען אויף ירושלים... מיר האָבען זיך באַלד אַוועקגעלאָזט צו־פוס צום כותל־מערבי. דאָ אויך דורך שמאָלע, ענגע און שמוציגע געסלאַך, מיט גרויסע פינסטערע לעכער אין די שטיינערנע ווענט, אָנגעפילטע מיט פאַרשידענע שפּייזען און סחורות... איינע פון די געסלאַך הייסט, נאָך פון פאַרצייטען, „שוק־הבשמים“, כאָטש עס שמעקט דאָרט גאָרניט אַזוי אַנגענעם...

אויפ׳ן וועג, ניט ווייט פון צוגאַנג צום כותל־מערבי זיינען אויסגעזעצט פון ביידע זייטען אויף דער ערד בעטלער און בעטלערקעס — בלינדע, קרומע און אַלערליי קאַליקעס. זיי שלעפּען ביי די הענט, שאַרפען ביי די פּאָלעס, פאַרשטעלען דעם וועג, ניט לאָזענדיג דורכגעהן און בעטלען און בעטלען... דאָס גאַנצע אָרימקייט פון אונזער אומגליקליך פּאָלק וואַרפט זיך אייך אין די אויגען. איהר דערפיהלט אַ חורבן, אַ שרעקליכען חורבן, אין אייער אידישער נשמה...

מיר זיינען דורכגעגאַנגען די געסלאַך און צוגעקומען צום כותל־מערבי. דאָ, פאַרקערט, האָט מיין שטימונג זיך גלייך אַ הויב געטאָן... איך האָב דערזעהן פאַר זיך אונזער געוועזענע גרויסקייט און אַ געפיהל פון עהרע האָט זיך דערוועקט אין מיר פאַר מיין פּאָלק... ניט קיין חורבן האָב איך דאָ געזעהן פאַר מיינע אויגען, נאָר אַ יסוד פאַר אַ נייעם בנין פון אונזער בית־

לאומי. די ניין שורות אויסגעלייגטע איינער אויפ׳ן צווייטען קאלאסאל־גרויסע פיער־עקיגע שטיינער האבען העלדיש אויפגע־האלטען אויף זיך ביז יעצט דאס גאנצע פארוואגעלטע אידישע פאלק, און ענדליך זיך דערוואַרט און דערלעבט דעם בנין ציון וירושלים!... מיט הייליגער ליבע און יראת־הכבוד בין איך צוגעגאנגען צום כותל, האב צוגעטוליעט מיין שטערען צו די גלאטע, פון אזוי פיעל אידישע טרערען אפגעפאלירטע שטיינער, און דאס הארץ האט זיך א טרייסעל געטאן... איך בין געשטאנען ביים כותל מערבי און האב געוויינט... קיין חשבון אין מיינע טרערען האב איך שוין דאמאלסט ניט געקענט געפינען. דאס זיינען געווען טרערען פון געמישטע געפיהלען, טרערען הייליגע פאר אונזער עבר מיט׳ן עתיד צוזאמען... דאס איז געווען א שטיקעלע „תשעה־באב“, אבער מעהר „שבת־נחמו“... טרערען פון פרייד, וואס איך האב זוכה געווען צו זעהן בנחמת — ציון וירושלים!...

## אונזער ערשטער טאָג אין ארץ ישראל.

אונזערע שיפס־קאַרטען, וועלכע מיר האָבען געקויפט אין ניו יאָרק, ביי דער פּאַלעסטיין־אָריענטאַל קאָ., זיינען געווען ביז יפו, ווייל סיי ווי האָבען מיר זיך באַדאַרפט אָפּשטעלען אין תל־אביב אויף דער ערשטער צייט (תל־אביב איז יפו'ער פאָרט), אָבער דער קאַפּיטאַן פון אונזער סטימער „גיאַניקאָלא", מיט וועלכען מיר זיינען געפאָהרען פון טריעסט קיין ארץ־ישראל (זעהר א פיינער מאַן און א צוגעלאָזטער מענשעל. מיר פּלעגען אָפט פאַרברייננגען צוזאַמען אין שאַך־שפּיל), האָט אונז אָפּגע־רעדט צו לאַנדען אין יפו. בעסער און זיכערער איז חיפה. און פון חיפה קיין יפו בעסער פאָהרען מיט'ן באַהן, וואָס עס נעמט נאָר עטלאכע שטונדען, ניט א גאַנצען מעת־לעת, ווי מיט דער שיף. ביי ביידע פּאָרטען שטעלען זיך די שיפען אָפּ ווייט פון ברעג און מען זעצט זיך איבער אויף קליינע שיפלאך, וואָס פיהרען צו צום ברעג, אָבער אין יפו איז דער צופאָהר זעהר שטיינערדיג און מאַנכעס מאָל איז ממש א סכנה צוצופאָהרען צום ברעג. מיר האָבען איהם געפאָלגט און געלאַנדעט אין חיפה. פאר'ן לאַנדען האָבען די צאָל־באַאמטע דורכגעקוקט אונזער פּאַספּאָרט, געמאַכט איינינע אויספאָרשונגען און געפרעגט צי האָבען מיר געננוג געלט. מיר האָבען געענטפערט: יאָ. און מערקווירדיג, מען האָט אונז געגלויבט אויפ'ן וואָרט. מיר,

אמעריקאנער, האָבען אפילו פארשפּאָרט צייגען אונזערע עקס־פּרעס־טשעקס. דער נאָמען „אמעריקא" אליין איז שוין א קרעדיט, רעדט שוין פאר זיך אליין...

א דאנק צו ה' כספּי, אַן ארץ־ישראל'ער וואוילהאבענדער בעל־הבית, מיט וועלכען מיר האָבען זיך גוט באפריינדעט אויף דער שיף, האָבען מיר אויך קיין שוועריגקייטען ניט געהאט מיט אונזערע געפעק. ה' כספּי האָט פאר אונז זיך שוין געמיט און אלעס איז באזאָרגט געוואָרען אויף'ן פיינסטען אופן.

באלד איז אונזער שיפעל, אָהן שום שוועריגקייטען, צוגע־פאָהרען צום ברעג און מיט א זיסען ציטער אין הארץ האָבען אונזערע פיס באטראָטען צום ערשטען מאל די היילינע ערד פון אונזער ליבען לאנד.

איך ווייס ניט, צי איך האָב זיך געשעמט פאר די אראבער, וואָס האָבען געטריבען מיין שיפעל, פון וועלכען זיי האָבען מיר געהאָלפען אראפּשטייגען, צי עפּעס אנדערש האָט מיך אָפּגע־האלטען ניט א פאל צו טאָן מיט'ן פּנים צו דער ערד און קושען די אדמת־קדש פון אונזער ליבען לאנד, דאָס לאנד פון אונזערע אבות, דאָס לאנד פון אונזערע נביאים, פון אונזערע מלכים, דאָס לאנד פון דוד און שלמה, וואָס יעדער שפּאן ערד איז א פּסוק פון אונזער תנ"ך, א בלעטעל פון אונזער געשיכטע, אונזער איינציג פאָטערלאנד, וואָס עס איז געווען און וועט זיין כימי השמים על הארץ — ווי די טעג פון'ם הימעל איבער דער ערד.

איך האָב געזאָגט די ברכה שהחינו וקימנו והגיענו לזמן הזה, און מיין ליבע פרוי, אָנהאלטענדיג זיך ביי מיין אָרעם, האָט מיר נאָכגעזאָגט וואָרט פאר וואָרט, און מיר האָבען ביידע אין יענער מינוט באמת פרום געדאנקט גאָט וואָס מיר האָבען ענדליך דערלעבט די גליקליכע שעה, וואָס מיר האָבען זיך געוואונשען פון אייביג אָן...

אין צאָל־הויז, אויף וועלכען מיר האָבען איבערגעלעזען ביים אריינגאנג די ווערטער „בית־המכס", איז אויך, א דאנק ה' כספּי'ן,

צוגעגאַנגען אַלעס גלאַט, און באַלד זיינען מיר אַריינגעפאָהרען אין שטאָדט און זיך אָפּגעשטעלט אין האָטעל „הרצליה“, אויף עטלאַכע שטונדען, ביז איינס נאָכמיטאָג, ווען מיר האָבען באַדאַרפט פאָספייען צום צוג, וואָס געהט אָפּ נאָך יפו.

דר. מאָסענזאָן, דער דירעקטאָר פון דער תל־אביב׳ער גמנסיה, וואָס איז אויך אָנגעקומען צוזאַמען מיט אונז אויף דער „גיאַני־קאַלע“, און זיך אויך אָפּגעשטעלט אין האָטעל הרצליה אויף עטלאַכע שטונדען, ביז דער צייט ווען דער צוג וועט אָפּגעהן קיין תל־אביב, האָט אונז געראַטען ניט צו פאַרלירען די געלע־גענהייט און, שוין זייענדיג דאָ אין חיפה, צו נעמען אַן אויטאָ־מאָביל־שפּאַציר אויף׳ן כרמל. מיר האָבען איהם געפאָלגט. באַלד איז דורך אַ טעלעפאָן־אָרדער פון קלערק פון׳ם האָטעל, צוגעפאָהרען אַ שעהנע גרויסע מאַשין מיט אַ שאָפער, אַ דייטש. מיט׳ן שאָפער האָבען מיר זיך דורכגערעדט גאַנץ לייכט, פאַלע־ווינע דייטשמעריש, פאַלעווינע העברעאיש (דער דייטש, אַ גע־בילדעטער יונגערמאַן, כאָטש נאָך ניט לאַנג אין לאַנד, רעדט שוין צו ביסלאַך העברעאיש). אין עטלאַכע מינוט אַרום האָט אונז דער אויטאָמאָביל שוין געטאַסקעט באַרג אַרויף. מיר זיינען דורכגעפאָהרען פאַרשיידענע וועלדלאַך, מיט וועלכע דער כרמל איז גרין באַדעקט. אויף איינעם פון זיי האָט אונז דער דייטש אָנגעוויזען, אַז עס איז „יער־הרצל“ (ער האָט געזאָגט דעם העברעאישען נאָמען). מיר האָבען זיך אַרויפגעשלענגעלט פון׳ם הדר הכרמל“, די הינטערשטע העלפט פון׳ם באַרג, און זיך אַרויפגעלאָזט אַרויף צום שפּיץ פון׳ם כרמל... דאָ האָבען מיר זיך אָפּגעשטעלט, אום צו באַאָבאַכטען פון דאַנען די וואונדער־שעהנע פּאַנאָראַמע וואָס אַרום. און, מיין גאָט, וואָס פאַר אַ שעהנקייט, אַ פּראַכט, אונזערע אויגען האָבען געזעהען!... דאָס ערשטע — דער ים! עפּעס אַזוי מילד און ווי אונטערטעניג ליגט ער צו די פיס פון׳ם באַרג, אויסגעשפּרייט ווי אַ בלויער טעפּיך... דער שעהנער קוטשעוואַראַוועער קאָפּ פון׳ם כרמל, וואָס

שטעהט אזוי שטאָלץ איבער'ן ים, האָט מיך באַלד דערמאָנט אין'ם נביא'ס ליבע־אויסדרוק: „ראשך־ככרמל"... — דיין קאָפּ איז ווי דער כרמל!...

פון דאַנען זעהט זיך דער נחל־קישון, ציהט זיך און דרעהט זיך ווי אַ שלאַנג, ביז ער פאַלט אריין אין ים... מיר זעהען ביי די פיס פון'ם באַרג די גאַנצע שטאָדט חיפה, „די שטאָדט פון דער צוקונפט", ווי הרצל רופט זי אין זיין „אַלט־ניילאנד", וואו עס וועט געבויט ווערען אַ האַפען און וועט זיין דער גרעסטער צענטער פון האַנדעל און אינדוסטרי איבער'ן אָריענט... עס זעהט זיך דאָס נייע שטעדטעלע „בת־גלים" (נימפע), מיט איהרע שעהנע זומער הייזקעלאַך און צריפים (באַנגאַלאָס) פאר באָ־דענדע. מיר זעהען דעם „מפרץ־עכו", דער ים־אויסגוס צווישען חיפה און עכו, אין וועלכען די ציוניסטען זיינען זעהר באַשעפ־טיגט מיט גרויס אינטערעס און מאַכען איהם פאר אַ גרויסען האַנדעלס־צענטער... און ווען מיר פארקירעווען אונזער בליק צו מזרח, זעהען מיר דעם עבר־הירדן מיט די בערג פון גליל מיט'ן חרמון און לבנון...

אונזער באַגייסטערונג איז גרויס, די שטימונג אַ געהויבענע, די פאַנטאַזיע פליהט אין דערהויך. און איך דערמאָן זיך אין'ן פסוק פון תנ"ך „ואליהו עלה בסערה השמימה". איך דערצעהל דאָס מיין ליבער פרוי, אַז דאָ אויף דיזען אָרט, פון דיזען כרמל איז אליהו הנביא ארויף מיט אַ שטורם אויפ'ן הימעל... און זי ענטפערט מיר גלייך: עס איז קיין וואונדער... ניט נאָר אַ אליהו הנביא, נאָר יעדער איינער, שטעהענדיג דאָ אויפ'ן קאָפּ פון'ם כרמל, פליהט אין הימעל אריין... יאָ, עס איז געווען זעהר קלוג און אמת געזאָגט... מיר זיינען דאַמאָלסט געפלויגען אין הימעל אריין...

אין אַ ווייַלע אַרום האָבען מיר זיך צוריק דערפיהלט אויף דער ערד... דאָס איז געווען ווען דער דרייטש האָט אונז צוגעבראַכט צוריק צום האָטעל און געהייסען באַצאָהלען דריי פונט פאַר די

פאַר שטונדען רייזע. אויף אונזערע אַמעריקאַנער דאָלאַרס הייסט דאָס פּופּצעהן דאָלאַר!... דאָס איז געווען פאַר אונז ווי פון הימעל אויף דער ערד... וואו איז דאָס געהערט געוואָרען?... פאַר צוויי שטונדען רייזע 15 דאָלאַר?!... דער תירוץ איז „אַמעריקאַנער"... ביי אַמעריקאַנער איז אַ מצוה צו שינדען אַ הויט... און מיט גרוים מיה האָבען מיר געסעטעלט מיט'ן דייטש פאַר העלפּט און איהם באַצאָהלט אַ פונט און אַ האַלב. (דער האַלבער פונט איז אויך געווען איבערגעצאָהלט).

אין האָטעל האָבען מיר געטראָפען דר. מאָסענזאָהן, מיט וועלכען מיר האָבען צוזאמען אָפּגעגעסען מיטאָג און גלייך אַוועק צום וואָקזאַל. דאָ האָבען מיר צום ערשטען מאָל אָנגעהויבען זעהן זאַכען, וועלכע האָבען אונז באַגייסטערט אויף שריט און טריט... דאָס האַרץ האָט זיך געפרעהט צו זעהן אומעטום די תחית הארץ מיט דער תחית האומה... פאַר אונז, גלות־אידען, איז דאָ אַלעס געווען ניי...

אויף דער טיר פון'ם וואָקזאַל לעזען מיר איבער „תחנת־חיפה" אין גרויסע העברעאישע בוכשטאַבען. איך געה צו צום פענסטערעל קויפען באַהן־בילעטען, דערהער איך פון אינוויינינג אַ פראַגע: איזו מחלקה? איך ענטפער: „שניה"...

אין וואַגאָן הער איך אַ לייכטען קלאַפּ אין טירעלע פון אונזער קופּע (דאָרטען זיינען געווען מיט אונז דר. מאָסענזאָהן און ה' כספי): — בבקשה, כרטיסים! (ביטע, בילעטען). ס'איז דער קאָנדוקטאָר, אַ אידישער יונגער מאַן, אויף דער לאַץ פון'ם לייווענדענעם מונדיר אַ בעדזש מיט העברעאישע ווערטער. דר. מאָסענזאָהן צופרעגט זיך עפּעס ביי איהם און ער ענטפערט, אַלעס אין העברעאיש. אונזערע אויגען זעהען, די אויערען הערען און די נשמה פרעגעלט זיך אין תענוג און אין נחת...

אונזער צוג שטעלט זיך אָפּ אויף יעדער סטאַנציע, אויף וועלכער מיר לעזען איבער די העברעאישע נעמען פון יעדער סטאַנציע. מיר פאָהרען פאַרביי די סט. „עתלית". דאָרט, אין

יענער קאָלאָניע, דערצעהלט אונז דר. מאָסענזאָהן, איז פאראן א פאבריק וואָס מאכט זאַלץ פון די וואסער פון׳ם ים־התכון, און ציינט אונז אָן דורכ׳ן פענסטער אויף לאנגע ווייסע בערג, אז דאָס זיינען אָנגעשאָטענע בערג מיט זאַלץ... אידישע ארבייט. מיר פאָהרען דורך סטאנציעס, וואָס פיהרען צו די אידישע קאָלאָניעס: זכרון־יעקב, חדרה, כפר־סבא, כפר־מלל (די ראשי־תבות פון משה־ליב ליליענבלום), און פתח־תקוה, און אונזער צוג שטעלט זיך אָפּ אין לוד, פון וואנען ער געהט ווייטער ביז קאנטארא צו מצרים׳ער גרענעץ, און מיר זעצען זיך איבער אויף דער „ירושלים־יפו“ אייזענבאהן. ווארטענדיג אויף אונזער צוג, האָט דר. מאָסענזאָהן דערזעהן א מאן שטעהן ניט ווייט פון אונז, און איז גלייך צוגעגאנגען צו איהם, זיך זעהר פריינדליך באגריסט און פארפיהרט א געשפרעך מיט איהם. דער מאן האָט אויסגעזעהען עפּעס ווי א היימישער רוסישער גלח, אין א לאנגען מאנטעל, מיט א גרויסער באָרד און לאנגע האָר ביז איבער די פּלייצעס. איך הער זייער געשפּרעך און די שפּראך איז העב־רעאיש. באלד רופט מיך דער דאָקטאָר צו און באקענט אונז: אדון פּושקאָף, אדון חנקין. א פּאָר קורצע פראגען וועגען אמע־ריקא און פון אונזער טור אין א״י, אויך געוויינליכע ענטפערס, און אויפ׳ן פייף פון לאָקאָמאָטיוו האָבען מיר זיך צושיידט, ניט וויסענדיג אלץ ווער דיזע מאָדנע פערזאָן איז. נאכהער האָט אונז דר. מאָסענזאָן דערצעהלט, אז דאָס איז יהושע חנקין, איינער פון די בעסטע אידען אין ארץ־ישראל. דער איינציגער צוועק זיינער אין לעבען איז, זייט צענדליגע יאָרען, די ערווערבונג פון וואָס מעהר לאנד אין ארץ־ישראל דורך אידישע הענט. די מעהרסטע ערד, וואָס דער קרן־קימת פארמאָגט, וואָלט געווען אוממעגליך ארייננצוקריגען ווען ניט יהושע חנקין. איינינע רייכע אראבער, עפענדים, האָבען אמאָל געוואָלט געבען אַן אוצר־געלט פאר יהושע חנקין׳ס קאָפּ... ביים פאָלק אָבער, ביים אראבישען פאָלק, איז ער זעהר באַליבט, און וואו קיין אנדערער קאָן גאָרניט

מאַכען, קומט חנקין און מאַכט און פיהרט דורך די גרעסטע און בעסטע לאַנד־קניה'ס. שפּעטער מיט אַ פּאָר מאָנאַטען — אין טבריה — האָב איך זיך באַגעגענט מיט יהושוע חנקין אַ צווייטען מאָל.

אונזער צוג איז שנעל געלאָפען צו תל־אביב, ארויסלאָזענדיג אַלעמאָל אַ לאַנגען פרעהליכען פייף ביי יעדער קרייצונג, וואו עס שטעהט אַ סלופּ מיט דער העברעאישער אויפשריפט: סכנה — צפצף! (ס'אַ סכנה, פייף!) און אַרום זיבען אוהר אָוונט האָבען מיר זיך אָפּגעשטעלט אין תל־אביב. פורמאַנעס און האָטעל משרתים אין די צעהנדליגע האָבען אונז באַפאַלען, יעדערער מיט זיין פאַרשלאַג: בבקשה עגלה (לעז: עגאַלאַה)... בבקשה מלון... (ביטע אַ האָטעל). אָבער דר. מאָסענזאָהן, וועלכער האָט זיך די גאַנצע צייט באַצויגען צו אונז זעהר גוטהאַרציג און גאַסטפריינדליך, האָט יעצט אויך באַלד צוגעשיקט צו אונז צוויי בחורים פון זיין גמנסיה, וואָס זיינען געקומען צו דער באַהן־סטאַנציע פאַר איהם און זיי האָבען אונז שוין באַזאָרגט מיט אַלעם. איך האָב אַרויסגענומען אַ דאָלאַר און געוואָלט, מעשה אַמעריקאַנער, געבען אַ טיפּ „די באָיעס", אָבער זיי האָבען מיך באַדאַנקט, ענטפערענדיג: „אין דבר"! (נעווער מיינד), און בשום אופן ניט געוואָלט נעמען ביי מיר דעם „טיפּ", און מיין דאָלאַר איז אַ פאַרשעמטער צוריק געגאַנגען אין קעשענע... ער, דער אַמעריקאַנער שטאָלצער דאָלאַר, האָט גלייך אין'ם ערשטען טאָג פון זיין אָנקומען אין ארץ־ישראל, דערפיהלט אַז כאָטש מען דאַרף איהם, מען נויטיגט זיך אין איהם, אָבער קיין באַ־זונדערער מיוחס איז ער דאָ ניט... מערקווירדיג, שפּעטער, אַרומרייזענדיג דאָס לאַנד, האָב איך כמעט אומעטום באַגעגענט דיזען שטריך ביי אונזער ארץ־ישראל'ער יוגענט. מיט זעהר ווייניג אויסנאַמען פלעגען אונזערע „טיפּס" צוריקגעוויזען ווערען...

מיר זיינען אריינגעקומען אין תל־אביב און שוין דער ערשטער בליק אויף דער שטאָדט, מיט איהרע שעהנע, גלייכע

גאסען און מאדערן־געבויטע הייזער, באגאסענע מיט עלעקטרישע ליכט, האט איבערשטיגען אלע אונזערע ערווארטונגען... מיר האבען דערזעהן א ניי, יונג, זודיג לעבען. מיר האבען דערהערט דאס קלאפען פון א געזונטען פולס ביי אונזער אויפ׳ם ניי אויפ־געלעבטען אידישען פאלק אין זיין אייגען לאנד...

מיר זיינען אריין אין האטעל מידע, און אין א וויילע ארום האבען מיר זיך געפונען פארטיפט אין א רוהיגען זיסען שלאף, די ערשטע נאכט פון אמת׳ען רוהיגען שלאף אין אונזער אייגענער היים.

# אַ שפּאַציר איבער תל־אָביב.

שוין דער נאָמען אליין „תל־אביב“, וואָס דאָס מיינט אַ „פריהלינג־בערגעל“, גיט אייך אַ באַגריף וואָס די שטאָדט איז: יונג, פריש, פול מיט ענערגיע, שעהן, חנ׳עוודיג און רייצענד. וואַקסענד, בליהענד און שמעקענד — טאַקע ווי דער פריהלינג אליין.

די ערשטע שטאָדט, וואָס דאָס באַפרייטע אידישע פאָלק בויט אין זיין אלטען־נייעם היימלאנד, און די פּראָבע איז אויסגעצייכענט. דער נייער תלמיד צווישען פעלקער האַלט זיין ערשטען עקזאַמען און האַלט דעם עקזאַמען אויס מיט די בעסטע אויסצייכנונגען.

ווי גרויס אייער פאַנטאַזיע איז ניט געווען איבער תל־אביב, קומט די ווירקליכקייט און שטייגט זי איבער. איהר פאָהרט אריין אין שטאָדט, איהר זעהט די גלייכע גאַסען, די שעהנע הייזער, יעדעס הויז געבויט מיט אַ באַזונדער ארכיטעקטור, מיט אַ באַזונדער געשמאַק, — און איהר פארשטעהט, אַז דאָ ווערט געזאָגט אַ נייַ־ וואָרט אין דער בוי־קונסט. און באַלד וואַרפט זיך אייך אין די אויגען דער אידישער גייסט, וואָס איז אויס־געגאָסען אויף דער גאַנצער שטאָדט. די אויפשריפטען אין העברעאיש, די נעמען פון די גאַסען אויף די נעמען פון אונזערע געלערנטע, פּאָעטען און שריפטשטעלער, ווי „רחוב רמב״ם“, „רחוב יהודה הלוי“, „רחוב אחד העם“, „רחוב ביאַליק“, און

אז וו. די העברעאישע שילדען אויף די קלייטען און מאגאזינען מאכען אויף אייך באלד דעם בעסטען איינדרוק. איהר פיהלט, אז איהר זעהט דאָס צום ערשטען מאָל; איהר האָט זינט איהר לעבט, אזא אמת'ע אידישע שטאָדט ניט געזעהן.

אויף דער הויפּט גאס, „רחוב אלענבי“, לויפען אָוטאָס (באָסעס) מיט העברעאישע אויפשריפטען, וואָס זאָגען וואוהין און ביז וואנען זיי פאָהרען. אויף איינעם שטעהט „אל־הים“. איך שטעל איהם אָפּ, איך זעץ זיך אריין, איך פרעג דעם שאָופער אין אידיש, וויפיל איך זאָל באצאָהלען. ענטפערט ער מיר אין העברעאיש: „בבקשה חצי גרוש“ (2½ סענט). איך באצאָהל און פיהל אביסעל פארשעמט פאר'ן שאָופער מיט מיין אידיש. אלע וויילע הערט זיך פון איינעם פון די פאסאזשירען: „עמוד“! און דער אָוטאָ בלייבט שטעהן. די געהען אראָפּ, אנדערע געהען ארויף. אלע 2—3 מינוט לויפען אזעלכע אויטאָ־באָסעס. אלע זיינען אימער געפּאקט מיט פאסאזשירען. מאנכעס מאָל שטעהט איר א היבשע וויילע ביז איהר דערוואַרט זיך דער שאָופער זאָל אייך ארויפנעמען. יעדעס מאָל לויפט ער דורך און אויף אייער צייכען מיט דער האנט, אז ער זאָל זיך אָפּשטעלען, שרייט ער אויס „אין מקום“! דאָ — אין „אונזער“ נייע אידישער שטאָדט, הענגען ניט די פאסאזשירען אויף רימענע פאסען. דאָ האָט יעדער א פּלאַץ. מען הענגט ניט מעהר אין דער לופטען...

ביים ברעג פון'ם ים שטעהט א קאזינאָ, אין וועלכער עס געפינען זיך פארשידענע אמיוזמענטס — דער תל־אביב'ער קוני־איילאנד. אויך א ווארם־באד, ערשט דיזען זומער אויסגעבויט, זעהר שעהן און ריין. צוויי קיעווער אידען האָבען עס אוועק־געשטעלט.

— אונזער גאנצען קאפּיטאל, וואָס מיר האָבען מיט נסים ארויסגעראטעוועט פון די באָלשעוויקעס, האָבען מיר דאָ

אריינגעבראָקט, און גאָט ווייסט צי דאָ וועט ניט זיין זיין קבר.

איך פרעג די בעלי־בתים: פאַרוואָס?

— מיר פרעגען אויך פאַרוואָס? — ענטפערען זיי. — אָבער אַזוי איז דאָס... תל־אביב׳ער געשעפטען האָבען ווייניג הצלחה,—זאָגען זיי ווייטער.—צופיל באַנקראָטען זיינען דאָ פאַראַן.

— וואָס איז די אורזאַכע דערפון? — פרעג איך די קיעווער סוחרים.

— אורזאכען זיינען פאַראַן פיעל. אָבער די הויפּט אורזאכע איז אַ ספּעציפיש־אידישע, וואָס תל־אביב ווערט געבויט מיט ליידיגע הענט, מיט די צעהן פינגער, אָהן קאַפּיטאַל, וואָס דאָס איז דער הויפּט פונדאַמענט פון יעדער אונטערנעמונג. אָבער טראָץ אַלעמען, גלויבען מיר דאָך אין׳ם ענדליכען ערפאָלג און גליק פון גאַנצען לאַנד בכלל און פון תל־אביב בפרט. אונזער גלויבען נעמט זיך דערפון, וואָס מיר זעהען מיט יעדען יאָהר אַ גרעסערען פראָגרעס.

איך האָב אויפמערקזאַם צו די געמישטע מיט צווייפעל און האָפנונג ווערטער פון די ארץ־ישראל אונטערנעמער, און מיינע אויגען קוקען אויפ׳ן ברייטען בלויען ים מיט׳ן יפו׳ער אימער שטורמענדען, שטיינערנעם ברעג, און געדאַנקען פּלאָנטערען זיך: אָט די אַלע שטיינער, וואָס ליגען אויף אונזער ברעג, אָט די אַלע שטרויכלונגען, וואָס ליגען אויף אונזער וועג, וועלען דאָך אָפּגעראַמט ווערען און דאָס לאַנד וועט ענדליך געבויט ווערען.

פאַרטיפט אין דיזע געדאַנקען, נעם איך אַ שפּאַציר איבער דער שטאָדט. איך קום אויף רחוב הערצל, דער „דאַון־טאַון" פון תל־אביב. דאָ זיינען פאַראַן אַלע באַנקען, עקספּרעס־קאָמפּאַניס און קאָנטאָרען פון פאַרשידענע געשעפטען. אויף די טראָטואַרען אין פראָנט פון דיזע געשעפטס־הייזער, זעהט מען אַרומדרעהען זיך אידען מיט שטעקעלאך — לאַנד־סוחרים, שפּעקולאַנטען, קאָנטראַקטאָרס און מעקלערס. מען רודערט, מען שאַכער־מאַכערט און מען מנחם־מענדלעוועט אויף וואָס די וועלט

שטעהט, פּונקט ווי אין יענע אַלטע גוטע צייטען... איך הער זיך צו אין זייערע געשפּרעכען, מעהרסטענטיילס העברעאישע. איך קוק זיך איין אין זייערע פּנים׳ער, אין זייערע אויגען — עפּעס פּאַרט ניט דער אַמאָליגער מנחם־מענדעל מיט׳ן בלאַסען פּנים און מיט צושראָקענע אויגען. איך באַגעגען ה׳ פּענסאַק, אַ באַקאַנטער מיינער פון ברוקלין. ער איז דאָ דריי יאָהר. ער האָט דאָ אויפגעבויט אין סאַמע צענטער רחוב הערצל איינע פון די גרעסטע געביידעס, באַוואוסט מיט׳ן נאָמען „פּענסאַק־פּאַסאַזשע“. ה׳ פּענסאַק ערקלערט מיר, אַז דער צושטאַנד אין תל־אביב׳ער בוי־אינדוסטריע איז זעהר ניט קיין גינסטיגער. אורזאַכען זיינען דאָ פאַרשידענע. אָבער די הויפּט אורזאַכע איז דער מאַנגעל אין באַנקען. פיעלע הייזער שטעהען ניט קיין געענדיגטע איבער׳ן מאַנגעל אין געלט. זיינער אַ פריינד, — דערצעהלט מיר ה׳ פּענסאַק — האָט זיך איינגעקליבען אין אַזאַ הויז און דאָרטען אָפּגעוואוינט עטלאַכע מאָנאַטען, ניט וויסענדיג אַז דאָס הויז איז אָהן אַ דאַך, און ווען עס האָבען זיך אָנגע־פאַנגען די רעגענס — ימות־הגשמים — איז מיט אַמאָל געוואָרען פול דאָס הויז מיט וואַסער... און אַזוי איז עס געוועזען מיט פילע הייזער, ווייל אַזוי ווי עס ווערען פאַרטיג עטלאַכע צימערען פון׳ם ערשטען פלאָר, ווערען זיי שוין פאַרדונגען. נאָכהער בלייבט דאָס הויז אָפט ניט פאַרענדיגט.

איך געה אויף רחוב „נחלת־בנימין“, אַ גאַס פון מאַנו־פעקטור און גאַלאַנטעריי־געשעפטען. גרויסע פענסטער פוןביידע זייטען, מיט אויסשטעלונגען פון פאַרשידענע וואַרעס, אַ גאַס וואָס מעג זיך באַלד פאַרגלייכען מיט אונזער בראָדוויי אָדער פינפטע עוועניו. מען פלאַסטערט די גאַס. עס ליגען קופּעס מיט שטיינער. מיידלאַך זיצען אויף זיי מיט האַמערס אין די הענט און צוקלאַפּען די גרויסע שטיינער אויף קליינע שטיינדלאַך, אויף „חצץ“, און איינינגע פון זיי האָב איך באַ־מערקט מיט אַרומגעבונדענע מיט באַנדאַזש פינגער. איך הער

זיך איין אין זייער געשפרעך, וואָס איז אין העברעאיש... איך הער ווערטער: „טענאָר", „גאלינקען", „אָפּערא", און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס ריידען זיי זיך יעצט איבער דער אָפּערא „כרמן", וואָס איז נעכטען געשטעלט געוואָרען אין תל־אביב.

איך געה דורך רחוב „אחד־העם". איך באַמערק אַז אַ שטיק גאַס איז אָפּגעשפּאַרט פאַר דורכפאָהרער מיט אַ גרויסען שטריק. איך פרעג איינעם, אַ דורכגעהער, וואָס דאָס באַדייטעט, ענטפערט ער מיר, אַז דאָ וואוינט „אחד־העם", און ווייל ער איז ניט געזונט, האָט די „עיריה" (סיטי־האָל) פאַרבאָטען דאָ צו פאָהרען, אום ניט צו שטערען איהם זיין רוה. איהר האָט אַמאָל געלייענט — זאָגט מיר דער דורכגעהער ווייטער מיט אַ געלעכטער — אחד־העם'ס אַרטיקעל „לא זו הדרך"? אָט יעצט ווערט דאָס מקוים...

איך בין געווען מיט אַ באַזוך ביי ה' בן זכאי, פאַרוואַלטער פון „רעננה", אַ פאַבריק פון קאָנפעקטען. ער באַקלאָגט זיך פאַר מיר, אַז די פאַבריק וועט זיך מוזען אָפּשטעלען און ליק־ווידירט ווערען. די אורזאַכע — ווידער דיזעלבע. עס איז ניטאָ גענוג קאַפּיטאַל, און די באַנקען האָבען פאַרמאַכט דעם קרעדיט. ער קלייבט זיך פאָהרען קיין אַמעריקא, אום צו פאַראינטערע־סירען אין דיזען געשעפט זיינע פריינד קאַפּיטאַליסטען. ער באַגלייט מיך אַרוים ביז „רחוב ביאַליק". מיר געהען פאַרביי ביאַליק'ס הויז. זעהר אַ שעהן הויז. אַ פּאַלאַץ... אַרום דעם הויז אַ וואַלד מיט גרינע בוימער און פּאַלמען. אויף דער גזוזטרא (ווערענדע) זיצען אייניגע געסט. צווישען זיי דערקען איך באַלד דעם פּאָעט... דער סאַמאָוואַר זידט, און עס וועהעט פון דאָרטען אַ וואַרים, פּאָעטיש ווינטעל...

— אָט זיי — באַמערקט מיין באַקאַנטער בן־זכאי — לעבט זיך דאָ גוט, אָבער ניט אונז סוחרים... איהר זעהט דאָ זיין הויז? — ער בויט שוין אַ צווייטע הויז... ער איז יעצט — זאָגט מען — עוסק בתקופת בית־שני...

# אין גמנסיה „הרצליה“.

איך בין אין גמנסיה „הרצליה“, אַ שעהנע גרויסע געביידע אויף „רחוב הרצל“ און „אחד־העם“, מיט עטלאכע אַקער לאַנד ארום פאר בוימער פלאַנצונגען און אגריקולטור־עקספּערימענטען פאר די תלמידים און תלמידות. עס לערנען דאָרטען עטליכע אראַבישע קינדער אויך. דר. מאָסענזאָן, דער „מנהל“, האָט מיך איינגעלאַדען צו הערען זיינע אַ לעקציע אין „איוב“ פאר'ן אַכטען קלאַס.

איך קום אהין מיט מיין שיקאַגאָער פריינד טשאַפּמאַן. ווי צוגעשמידטע זיצען מיר די גאַנצע שטונדע פון דער לעקציע. מיר הערען און באַוואונדערען דעם קלאַנג פון דעם לעקטאָר'ס שעהנע און רייכע העברעאישע שפּראַך, אויך זיין טיעף־וויסענ־שאַפטליכע און פילאָזאָפישע אָפּהאַנדלונג פון ספר איוב ע"פּי התלמוד און ע"פּי הגאונים. אָבער נאָך מעהר זיינען מיר ער־שטוינט פון די פראַגען און אנטוואָרטען פון די תלמידים און תלמידות — 16, 17 יאָהריגע קינדער. מיר הערען און זעהען זייער גרויסע בקיעות און ברייטע קענטנים אין תנך און אין תלמוד, און ניט ווילענדיג האָבען מירביידע, ווי אינסטינקטיוו, זיך דערמאָנט אין אונזערע קינדער אין גלות... און מיט אַ טיפען זיפץ באַטראַכט דעם אונטערשיד פון יענע קינדער צו די דאָזיגע און דעם גרויסען מרחק צווישען זיי...

פונקט 12 דעם זייגער האָט זיך געענדיגט דער „שעור“ (די לעקציע), און מיר זיינען איינגעלאַדען געוואָרען אין „חצר־הגמנסיה“ צו זעהן די גימנאַסטישע איבונגען פון אלע שילער און שילערינס, וואָס קומען דאָרטען פאָר יעדען טאָג פאַר א האַלבע שטונדע, פון 12 ביז האַלב נאָך צוועלף. אויפ׳ן רוף פון א טרומייט, געטרובעט פון אַ בחור׳ל פון א יאָהר 17, האָט זיך א שאָט געטאָן פון אַלע דריי זייטען פון גמנסיה אין הויף אריין אַן אַרמיי פון אלע תלמידים און תלמידות, און מיט דער גרעסטער אָרדנונג און פינקטליכקייט האָבען זיי, אונטער דער קאָמאנדע פון פארשידענע אויסגעשרייען, אויף העברעאיש נאַטירליך, געמאַכט איבונגען אויף דער פרישער לופט, אונטער׳ן לויטערן בלויען ארץ־ישראל הימעל. אויף די ווערענדעס אַרום זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט דער פערסאָנאל לעהרער און לעהרערינס, אויך דר. מאָסענזאָן, דער מנהל פון דער גמנסיה און זיין סגן ה׳ בוגארשאָוו. ס׳איז ווירקליך געווען אַן ערקוויקענדע פאַנאָראמע צוצוזעהן ווי אין אונזער ליבען לאַנד וואקסען און ענטוויקלען זיך די זיהן און טעכטער פון אונזער פאָלק אי גייסטיג אי פיזיש.

# א באַזוך ביי דר. מאָסענזאָן.

זייענדיג באפריינדעט מיט דר. מאָסענזאָן, וועלכער איז געפאָהרען מיט אונז אויף דער שיף „גיאניקאלא“ פון טריעסט קיין חיפה, האָט ער אונז אויך באקענט מיט זיין „גברת“, וועלכע איז געקומען איהם באגעגענען, זעהר א שעהנע פרוי און א ליבענסווירדיגער מענש. מען דערקענט באלד אין איהר דעם „אשת חבר“, דעם תלמיד־חכם׳ס פרוי... מיט א ליב שמייכעלע און אין א שעהנעם העברעאיש, האָט זי אונז איינגעלאדען אויף שבת בייטאָג מיט א וויזיט צו זיי אין הויז. מיר האָבען די איינלאדונג מיט פארגעניגען אקצעפטירט. דעם פאָלגענדען שבת זיינען מיר געוועזען ביי דר. מאָסענזאָן אין הויז, אַן אייגען הויז, א צוויי־שטאָקיגע, אויף רחוב אלענבי, ניט ווייט פון רחוב ביאליק. זעהר א שעהן הויז, מיט גרויסע, ליכטיגע צימערן, מיט גזוזטראות (וועראנדעס) געגענאיבער׳ן ים. פיער טויזענט פונט האָט דאָס איהם געקאָסט. „שוין א דאנק גאָט באלד עס אויסגעצאָהלט“. מיר האָבען פארבראכט דאָרטען א זעהר אנגענעמע צייט. דר. מאָסענזאָן, אין שטעק־שיך און אָהן א רעקעל, ענטשולדיגט זיך און בעט אונז איהם לאָזען אזוי זיצען מיט אונז. שבת איז זיין איינציגער רוה־טאָג, וויל ער פיהלען באקוועם. ער דערצעהלט און באקענט אונז מיט׳ן לעבען פון ארץ ישראל בכלל און פון תל־אביב בפרט. מיר דערוויסען

זיך פון איהם פילע אינטערעסאַנטע זאַכען, פון וועלכע מיר האָבען קיינמאָל ניט געוואוסט, און מיט גרויס נייגעריגקייט שלינגען מיר זיינע קלוגע ווערטער, וועלכע זיינען געווען פאַר אונז אַ קוואַל פון פאַרגעניגען. אויך מיט ניט ווייניגער אַפּעטיט האָבען מיר געשלונגען די „לחמניות״ (לעקאכלאך), וואָס גברת מאָסענזאָן האָט אזוי ליבליך אַלעמאָל צוגערוקט צו אונז און האַרציג געבעטען מיר זאָלען פאַרזוכען „מעשי־ידיה״ — איהרע איינענע געבאַקטע געבעקס. מיר האָבען פאַרבראַכט אַ פּאָר זעהר אַנגענעמע שטונדען אין אַ העכסט אידיש תלמיד־חכמיש בעל־הביתיש הויז.

# אין בית־עם.

איינמאָל אין אַן אָוונט זיינען מיר געווען אין „בית עם“, צו שלום־עליכם׳ס אַ קאָמעדיע „מאתים־אלף“. מיט׳ן נאָמען „בית־עם“, פאָלקס־הויז רופט זיך דאָס ווייל עס ווען עס איז, אויף יענעם גרויסען לעבעדיגען פּלאַץ, וואָס געפינט זיך האַרט ביים ים, אַוועקגעשטעלט ווערען אַ הויז, וואָס וועט דינען פאַר פאָלקס פארזאמלונגען, לעקציעס, פאָרשטעלונגען א. אַז. וו. דערווייל איז יענער פּלאַץ נאָר אַרומגענומען מיט אַ פּארקען. הילצערנע, לאַנגע בענק זיינען אויסגעשטעלט איבער דער גאַנ־צער לענג און ברייט פון׳ם פּלאַץ. אויף אַ זייט שטעהט פון ברעטער און דריקלאך צוזאמענגעשטעלט אַ בימה, און אַהינצו קומען אַלע אָוונט די יוגענט פון תל־אביב, און די אַרומיגע שכונות אין די טויזענטער, בחורים און בחורות, צו פאַרברענגען עטלאכע שטונדען אין גייסטיגען פאַרגעניגען. דאָרטען ווערען געשטעלט די בעסטע פּיעסען, קאָנצערטען, און מאַנכעס מאָל אויך אָפּעראַס, פאַר דעם ביליגסטען פּרייז — איין פּרייז פאַר אַלעמען גלייך — 2, 3, העכסטענס 4 פּיאסטער פאַר אַ מענשען (אַ פּיאַסטער איז פינף סענט).

מיר זיינען געזעסען אין „בית־עם“, וועלכער איז געווען זעהר געפּאַקט מיט יונגע חלוצים און חלוצות. מיר האָבען זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטען און מיר האָבען דערזעהן, אַז

מיר זיינען דאָרט די איינציגע עלטערע מענשען. אויסער אונז איז דאָס געווען דורכאויס א ים פון יונגע פרישע פנים'ער, א כוואליע פון ברויזענדע שווארצע קעפּ... לעבען אונז זיצט א גרופּע בחורים'לאך, זיי דיסקוטירען צווישען די אקטען וועגען דעם אינהאלט פון דער פּיעסע. זייער העברעאיש איז אביסעל א צובראָכענער, ווייזט אויס „גרינע", נאָר וואָס אָנגעקומענע אין לאנד... איינער פּרואווט נאָך ענטפערען אויף רוסיש אָבער באלד שטעלט איהם אָפּ א צווייטער מיט א באפעהל: מיטקא, עברית! און די דיסקוסיע געהט אָן ווייטער אויף העברעאיש.

עס איז שוין געווען נאָך 12 ביינאכט, ווען מיר האָבען פארלאָזט דעם „בית־עם". די גאסען פון תל־אביב זיינען געווען באדעקט מיט די לאנגע שאָטענס פון דער נאכט. אויבען, איבער די קעפּ האָבען זיך צושפּילט און צובליסטשעט דימענטען און בריליאנטען אין הימעל... די יוגענד־מאסע האָט זיך ארויס־געלאָזט פון'ם בית־עם מיט הילכיגע געלעכטערס און געזאנגען. די ריינע, זויבערע ארץ־ישראל לופט ווערט אָנגעפילט מיט זיסע קלאנגען פון דער העברעאישער שפּראך. עס הערען זיך טענער פון א גאנצען כאָר, זינגענדיג דעם באוואוסטען שיר־ציון: „המשיח הנה בא הידד הנה בא". מיר, מידע, האלב־פארשלאָפען, שטעהען און ווארטען אויף א איזוואָשטשיק ער זאָל אונז נעמען צום האָטעל. א קיהל ווינטעלע בלאָזט פון'ם ים און נעמט דורך אונזערע שוין ניט יונגע ביינער, און מיט אמאָל דערפיהלען מיר זיך, אז מיר זיינען דאָ צו שפּעט... אלעס ארום איז צו שפּעט פאר אונז... אונזערע יאָהרען, די אינגסטע, די בעסטע און די מעהרסטע, האָבען מיר אוועקגעגעבען דעם גלות על אדמת נכר. די קינדער אונזערע — דער גאנצער צוועק און זין פון לעבען — זיינען ערצויגען אויף א פרעמדער שפּראך, אויף א פרעמדער ערד און אין פרעמדען גייסט. און מיר האָבען געפיהלט טיעף דעם ווייטאָג פון אונזער פערזענליכען לעבען, און אויך פון'ם גאנצען אידישען פאָלק'ס צובראָכענעם

גלות־לעבען... אָבער דורכפּאַהרענדיג אין דער שטילקייט פון דער נאַכט די שעהנע ברייטע רחוב־אַלענבי פון „אונזער תּל־אביב“, וועלכע איז געלעגען איינגעוויקעלט אין אַ רוהיגען דריי־מעל און איינגעאָטעמט אין זיך די זיסע, לעבעדיגע קלאַנגען: „המשיח הנה בא“ — איז אונז אויך געוואָרען גרינג און טרייסטענד אויפ׳ן האַרצען, און צופרידענע זיינען מיר אריין אין שלאָף־צימער פון אונזער האָטעל.

# אין „תערוכה".

אונזער ערשטען באזוך אין דער „תערוכה" האָבען מיר געמאַכט צוזאמען מיט אונזערע פריינד פון שיקאגאָ, די טשאַפּ־מאַנס און אַנטאָנאָווס. די „תערוכה"־אויסשטעלונג איז איינע פון די נייעסטע און שעהנסטע אויפטואונגען אין תל־אביב. עס איז די ארבייט פון דער „דזשודעא אינדאָסטריעל קאָרפּאָריישאָן" פון אַמעריקא. אויף אַ שעהנעם גרויסען פּלאַץ, אונטער דער שטאָדט, באַוואַקסען מיט אָראַנדזשען און אָליווען בוימער, אומע־טום, רונדע, באַזעצט מיט בלומען, בייטען, צווישען וועלכע עס שלענגלען זיך אַלעען און סטעזשקעלאך, זיינען אַוועקגעשטעלט פאַרשידענע געביידעס, פּאַוויליאָנען און קיאָסקען, צווישען וועלכע עס געפינט זיך איין גאָר גרויסער זאַל, באַוואוסט מיט'ן נאָמען „אולם־התערוכה". דיזער זאַל ווערט אויך באַנוצט אַ גאַנץ יאָהר פאַר פאַרשידענע פאַרזאַמלונגען, חנוכה און פּורים באָלס א. אַ. וו. אין דער צייט פון דער אויסשטעלונג, וואָס געדויערט אומגעפעהר זעקס וואָכען, צוויי מאָל אַ יאָהר, אין הערבסט און אין פריהלינג, ווערען יענע אַלע געביידעס אָנגעפילט און אויס־געשטעלט מיט פאַרשידענע מינים סחורות, מאַשינערים און פּראָדוקטען „מתוצרת־הארץ" — פון דער שאַפונג פון לאַנד. מיר שפּאַצירען אַרום צווישען די פאַרשידענע פּאַוויליאָנען. די אויגען קענען זיך זאַט ניט אָנקוקען אויף דער וואונדערבארער ארבייט, וואָס אונזער אידיש לאַנד האָט שוין אויפגעטאָן פאַר אַזאַ קליינער צייט אויפ'ן געביט פון האַנדעל, אינדוסטריע און אַגריקולטור. מיר קאָנען אויך ניט אָפּזאָגען די שעהנע פאַר־

קויפערינס, די בנות ציון, וואָס מיט זייערע ליבע שמייכעלאך און זיסען קלינגענדען העברעאיש לאדען אונז איין צו קויפען עפּעס מתוצרת־הארץ. עס האָט ניט גענומען לאנג און מיר האָבען דאָרטען, ווי טשאפּמאַן האָט זיך געוויצעלט, פארלאָרען היבשע עטלאכע פונט (פונט שטערלינג), און מיר זיינען באלד באלאָדען געוואָרען דערפאר מיט בינטלאך און פּעקלאך מתנות און סואווענירס פון ארץ־ישראל קיין אַמעריקא. מיר האָבען זיך אויך געזעצט ארום איינעם פון די טישלאך, וואָס זיינען אין א גרויסער צאָהל אויסגעשטעלט איבער'ן גאנצען גאָרטען פון דער „תערוכה". מיר האָבען אַוועקגעלייגט אונזערע פּעקלאך און געאָרדערט טעה מיט געבעקס. די מוזיק האָט געשפּילט, די טויזענטער ווייסע און בלויע רוטענבערג־ליכטלאך האָבען פריי־לאך געטאַנצט אויף די שילדען מיט די העברעאישע אויפ־שריפטען, אויף די בוימער און אין די וואַסער־פאָנטאַנען, וועלכע, ווי מיט רעגען־בויגענס האָבען געשפּריצט, באַפרישט די לופט ארום, און זיך ארייננעגאָסען אין קליינע טייכלאך, אויף וועלכע עס זיינען ארומגעשוואומען קאַטשקעלאך און געמאַכט פארשידענע קונצען אין וואַסער, וועלענדיג כאַפּען אלעמאָל א קערענדעל אָדער א יאָדערל פון א ניסעל, וואָס דער אָדער יענער וואָרפט זיי צו. לאנג זיינען מיר געזעסען דאָרטען. אונזער גאַנצע גרופּע האָט זיך געלאָזט וואוילגעהן מיט פארשידענע פאַר־בייסאכטס. די שטימונג איז געווען א געהויבענע. מיר האָבען זיך געפיהלט זעהר גליקליך, וואָס מיר האָבען זוכה געווען צו זעהן דאָס אלעס מיט אונזערע אייגענע אויגען. אָבער טיעף אין הארצען האָט גענאָגט דאָס באוואוסטזיין, אז מיר זיינען דאָ נאָר צייטווייליג, אז מיר וועלען צוריקגעהן אין גלות אריין — ווער קיין ניו יאָרק און ווער קיין שיקאַגאָ... און איינער פון אונז זיפצט פאַמעלאך ארויס: „אשרי יושבי ביתך! אז וואויל איז צו די, וואָס זיצען אין דיין הויז... אין דיין היים... אין דער אידישער נאַציאָנאַלער היימלאַנד...

# פּורים אין תל־אָביב.

וואָכען און זאָגאַר חדשים בעפאָר פּורים האָט זיך שוין אָנגעהויבען רודלען וועגען פּורים באָל. און ניט נאָר די שטאָדט תל־אביב, וואו דער באָל קומט פאָר, נאָר ממש דאָס גאַנצע לאַנד און אַלע שטעדט, דערפער, מושבות און קבוצות, האָבען גערעדט פון און זיך צוגעגרייט צום גרויסען יעהרליכען פּורים־באָל. און אַז עס איז געקומען אַ פאָר וואָכען פאַר פּורים, דאַן איז געווען הימעל און ערד און מאַסקאַראַדען־באָל. די פּרעסע — אַלע דריי העברעאישע טעגליכע צייטען — דער „דואר־היום“ פון ירושלים און „הארץ“ און „הדבר“ פון תל־אביב, — איז געווען פול מיט׳ן פּורים באָל. און די שטאָדט תל־אביב אַליין איז געווען טאַקע ווי מען זאָגט גאָר „צופורימט“. אויף די גאַסען איז געווען אויסגעהאַנגען גרויסע פּלאַקאַטען, וואָס האָבען אַנאָנסירט די פּראָגראַמען פון די פּורים־טעג, וואָס און אין וועלכע פּלעצער עס וועלען געשטעלט ווערען פאַרשידענע פאָר־שטעלונגען, קאָנצערטען און פייערונגען לכבוד פּורים, און דאָס אַלעס איז נאָר געווען ווי אַקאָמפּאַנימענטען, באַגלייטונג צו דער הויפּט זאַך, צום קאַרניוואַל און פּורים־באָל.

אום צו קענען זעהן דעם גאַנצען פּאַראַד און מאַרש פון׳ם קאַרניוואַל, האָבען מיר זיך באַזאָרגט מיט פּלעצער אויף אַ באַלקאָן פון אַ הויז אויף רחוב אַלענבי, דורך וועלכע דער גאַנצער פּאַראַד האָט דורכגעמאַרשירט. דאָס הויז באַלאַנגט צו דער טאָכטער פון איטקא ראַפּאָפּאָרט, אונזער פריינד פון דערהיים נאָך

פון אמאָליגע קינדער־יאָהרען. און אונזערע אויגען האָבען דאָן געזעהען (מיר זיינען, נאַטירליך, געקומען אויפ׳ן פּלאַץ אין צייט) דאָס שעהנסטע און ערהאַבענסטע, וואָס מיר האָבען קיינמאָל ניט גע׳חלום׳ט צו זעהן. די מוזיק, די באַנערס, די רייטער און רייטערינס אין פאַרשידענע קאָסטיומען; וועגענער מיט פאַרשידענע פּראָדוקטען פון אינדוסטרי און אגריקולטור — אַלעס „מתוצרת הארץ" — דער ריעזיגער פּורים־קוילעטש, וואָס איז געלעגען צולייגט אויף צוויי וואָגענס — טאַקי נאָר ווי אַ פּורים־קוילעטש קען... די גיגאַנטישע נאַציאָנאַל־פאָנד פּושקע, גרויס ווי אַ הויז — פּראָפּאָגאַנדאַ פאַר׳ן „קרן־קימת"; וועגענער מיט חלוצים און חלוצות, דעמאָנסטרירענדיג זייער ארבייט אין פעלד, און ענדליך די פיל־פאַרביגע מאַסע פון צעהנד־ליגע טויזענדער מאַרשירענדע מענער און פרויען, מיט אויפגע־הויבענע קעפּ און פריילאַכע פּנים׳ער. דאָס אַלעס האָט אונז דערמאָנט אין די ווערטער „והעיר שושן צהלה ושמחה". אָבער פיעל שעהנער און בעסער האָט עס געקלונגען, זאָגענדיג: „העיר תל־אביב צהלה ושמחה!" — און די שטאָדט תל־אביב איז באמת געווען פול מיט שמחה, פרייד און שטאָלץ, מיט׳ן באַוואוסטזיין, אַז דאָס אַלעס איז אייגענס, דאָס אידישע פאָלק מיט זיין אייגענער קולטור, אייגענער שפּראַך אויף זיין אייגען לאַנד!

צום מאַסקאַראַד־באַל, וועלכער איז געווען פאַראַנשטאַלטעט אין דעם „אולם־התערוכה", זיינען מיר געקומען שוין אַביסעל שפּעטלאַך. נאָך גלייך ביים אריינגאַנג אין׳ם גאָרטען פון דער תערוכה, האָט מען אונז געצוואונגען, און מיר האָבען טאַקע באַלד געמוזט אָנטאָן אונזערע מאַסקעס, וועלכע, אגב, זיינען עפּעס ניט געזעסען אַזוי גוט אויף אונזערע נעזער. מיין נאָז האָט גאָר איננאַנצען רעוואָלטירט און געוואָלט באַלד אַרונטערוואַרפען פון זיך די איבעריגע משא... און אַז מיר זיינען אריין אין זאַל און מיר האָבען דערזעהן באַקאַנטע געזיכטער, ווי מ. אוסישקין, ראובן ברייננין מיט דער פרוי (די לעצטע זיינען געווען געסט

אין א"י), אמת'ע אידען און ניט פארמאסקירטע... האבען מיר אויך באלד ארונטערגעווארפען אונזערע מאסקעס.

מיר זיינען לאנג געזעסען און פארבראכט מיט באקאנטע ארץ ישראל בירגער. מיר האבען הנאה געהאט פון דער מוזיק און פון די שעהנע, לעבעדיגע, „פסיעה־אחת" (וואן־סטעפ), „צעדי־שעול" (פאקס־טראט) און אנדערע טענץ, וואס דער „סדרן" (מענעדזשער) האט אלעמאל אויסגעשריען, און אונטער'ן טאקט פון וועלכע עס האבען געטאנצט און עלאסטיש זיך געבויגען און געדרעהט שעהנע טעכטער פון תל־אביב, טוליענדיג זיך צו זייערע קאוואלירען, די אינטעליגענץ פון שטאדט...

באלד האט מען אריינגעטראגען, אויף א גרויסען שטוהל אויפגעהויבען איבער די קעפ אין דער לופט, די קעניגין פון אווענט, א תל־אביב'ער יונגע ווייבעל, וועלכע איז אויסגעקליבען געווארען דורך א קאנטעסט פאר דער שעהנסטער פון שטאדט, צו טראגען די קרוין פון אסתר המלכה.

די קעניגין איז געזעסען אין דער הויך אויפ'ן ברייטען שטוהל, דעקארירט מיט בלומען א סך, אונטער א גרויסער קרוין, אויסגעפלאכטען אויך פון בלומען, אין א לאנגער ווייסער קלייד, אנגעזעצט מיט בליסטשענדע דימענטען און בריליאנטען, און אונזער תל־אביב'ער טאכטער (א שניידער'ס א ווייבעל), מיט איהרע שווארצע אויגען, שווארצע ברעמען און עטוואס טונקעלער הויט, האט אויסגעקוקט ווי אן אמת'ע אריענטאלישע שעהנהייט, א ריכטיגע אסתר המלכה...

שפעט נאך האלבע נאכט האבען מיר פארלאזט דעם באל און אוועק צו אונז אין האטעל. אבער שלאפען איז געווען אוממעגליך, ווייל די שטאדט איז א גאנצע נאכט געגאנגען חאדאראם... די געזאנגען און די יובל געשרייען האבען זיך געהערט ביז'ן ווייסען טאג אריין....

אט אזוי פייערט אונזער באפרייט אידיש פאלק זיינע נאציאנאלע יומים־טובים אויף זיין איינען לאנד.

## אין ציון קלוב אין תל־אָביב.

אין תל־אביב פלעג איך פילע פון מיינע אָוועגטען פאַר־ברייגגען אין ציון־קלוב, וועלכער געפינט זיך אויף שדרת־רוטשילד געגענאיבער דעם פּאַרק. אַהין פלעג איך געהן, ערשטענס, ווייל דאָרטען איז אַן אמת'ער בית־ועד לחכמים; דאָרטען פלעג איך שטענדיג טרעפען קינסטלער, זשורנאַליסטען און שריפטשטעלער, און אזוי די „פני" פון שטאָדט, ווי מעיאָר דיזענהאָף, אחד־העם און דר. שמריהו לעווין, און איך פלעג גרויס פאַרגעניגען האָבען צו זיין א „מתאבק־בעפר רגליהם", ווען איך פלעג אריינקומען אהין, בין איך שוין ליידיג צוריק ניט אַוועקגעגאנגען... איך פלעג שוין אַוועקטראָגען פון דאָרטען א קלוג וואָרט, א שעהנעם וויץ, א גלייכען משל, אָדער אפילו גלאַט א פּאָר העברעאישע ווערטער פון אונזער באַנייעטער און באַלעבטער „עברית". אָבער נאָך מעהר פלעגט מיך ציהען אַהין דער שך־שפּיל. און כאָטש איך פלעג דאָרטען פון יענע גוט־געאיבטע שאכמאַטיסטען כאַפּען אָפטע „קלעפּ" און זעהר זעלטען אָפּגעגעבען צוריק, דאָך האָט דאָס מיר אימער פאַרשאַפט גרויס פאַרגעניגען. איינמאָל, אַן אָוועגט, בין איך באַעהרט געוואָרען צו שפּילען מיט דר. שמריהו לעווין. קענענדיג פון אזוי פיעל יאָהרען אונזער דר. לעווין, און שעצענדיג זיין קאָלאָס, זיין געניאַליטעט, זיין פילאָזאָפישען קאָפּ, האָב איך זיך געזעצט שפּילען מיט איהם די ערשטע פאַרטי שאך מיט אַביסעלע האַרצקלאַפּעניש. וואָס בין איך — טראַכט איך

מיר, קליין ווערימעל. געגען דעם ריעז, געגען דעם גיגאנט?...
דער דאָקטאָר, כאָטש גאָר ניט קיין שלעכטער שפּילער, אָבער
זעהר אַ ליידענשאַפטליכער, און דערפאַר זעהר אַ האַסטיגער,
האָט שוין ביי די ערשטע עטליכע, מיט אימפּעט געמאכטע ציגע,
פאַרלאָרען ביי מיר אַ טורם... איך האָב גוט אויסגענוצט זיין
נידערלאַגע און האָב אָפּגעשלאָגען אַלע זיינע שפּעטערדיגע ענערגישע
אַטאַקעס, מיט וועלכע ער האָט געוואָלט גוט־מאַכען זיין פאַרלוסט
און רעטען זיין זעהר שוואַך געוואָרענע פּאָזיציע. דער דאָקטאָר
האָט פאַרשפּילט די ערשטע פּאַרטיע זעהר גיך. מיר האָבען
געשפּילט יענעם אָווענט פיער פּאַרטיעס, דריי פון זיי האָב איך
געוואונען און איינע דער דאָקטאָר. איך האָב זיך געפיהלט
דאַמאָלס זעהר געשמייכעלט פון'ם גליקליכען פאַר מיר רעזולטאַט,
און נאָך מעהר פון דעם וואָס דר. שמריהו לעווין האָט געזאָגט צו
די קיבעצער אַרום, אַז עס איז אַ פאַרגעניגען צו שפּילען מיט'ן
„ברוקלינער אידען" — מיינענדיג מיך...

איך האָב נאָך פילע מאָל געהאַט דאָס גליק און די גרויסע
עהרע צו שפּילען אין שאַך מיט אונזער אַלעמען באַליבטען
ציוניסטישען פיהרער, כאָטש שוין מיט קלענערע זיגע פאַר מיר...
באַזונדערס האָב איך געהאַט גרויס פאַרגעניגען פון די שיחות־חולין
פון דיזען גרויסען תלמיד־חכם, מיט וועלכע ער פלעגט ליעב
האָבען באַגלייטען זיין יעדען צוג אויפ'ן שאַך־ברעט.

איינמאָל אַן אָוועגט, נאָכ'ן שאַך־שפּילען, האָט דר. לעווין
מיט אונז, מיט מיר און מיט מיין שיקאַגאָער פריינד טשאַפּמאַן,
פאַרפיהרט אַ געשפּרעך, מכבד זייענדיג אונז דערביי אַלס געסט
פון אַמעריקא, מיט טעה. מיר זיינען געזעסען לעבען איהם, ווי
צוגעשמידט און געטרונקען מיט דורשט סיי די טהע, דעם כיבוד
פון דעם ליבען מכנים אורח, און סיי זיינע קלוגע, טיפע און
שאַרפע ווערטער.

— איהר האָט שוין געזעהן אַביסעל אונזער לאַנד, אַ יאָ?
יעצט, זאָגט ער, באַגרייפט איהר שוין אַביסעל דעם אונטערשיד

פון ארץ־ישראל ביז'ן גלות?... איהר האָט אמאָל געווים געשפּילט אָקע, — רופט ער זיך אָן צו אונז, מיט זיין אונז אַזוי גוט באַקאַנטען סעריאָזנעם טאָן, — געדענקט איהר, אַז צוויי אָדער מעהר שפּילער פּלעגען האָבען גלייך צו איין און דרייסיג, געדענקט איהר וואָס עס פלעגט זיין? ווער עס איז געווען דער געווינער? — דער וואָס איז געווען „פערווי", ערשט — ניט אמת?... אומעטום זיינען „זיי" „פערווי", און דאָ, פארשטעהט איהר מיך, זיינען מיר „פערווי"!...

איינמאָל פיהרט מיך צו דר. לעווין צו אַ טישעל, ביי וועלכען עס איז געזעסען אַן אַלטער מאַן, אַ מאָגערער און זעהר אַן אָפּגעשוואַכטער.

— איהר קענט דיזען מאַן? — פרעגט ער מיך.

איך ענטפער: ניין!

— דאָס איז „אחד העם", — זאָגט ער.

דער פילאָזאָף האָט מיר דערלאַנגט זיין שוואַכע, מאָגערע האַנט. איך בין געבליבען שטעהן ערשטוינט. איך האָב זיך דערמאָנט אין זיינע „על פרשת־דרכים", אין זיין גרויסער מלחמה מיט'ן וועלט־ריעז, דר. הערצל, און אין זיין מרכז־רוחני, מיט דער גאַנצער וועלט־איבערקעהרענדער שיטה פון אחד־העמיזם, וועלכע ווייזט זיך ערשט יעצט אַרויס פאַר דער אמת'ער רעאַליס־טישער און פּראַקטישער שטה, און מיין הארץ אין מיר איז צובראָכען געוואָרען קוקענדיג אויף דעם קליינעם, אויסגעדאַרטען, שוואַכען גוף, זיצענדיג ביי דעם טישעל...

— אויף ווי לאַנג זענט איהר געקומען צו אונז? — פרעגט ער מיך. איך ענטפער איהם, אַז איך דענק דאָ פארבלייבען דעם גאַנצען ווינטער. — ביי אונז איז דאָך אָבער קיין ווינטער ניטאָ!

— רופט זיך אָפּ צו מיר דער פילאָסאָף...

דער ציון קלוב אין תל־אביב איז ביי מיר אימער געווען אַ קוואַל, פון וועלכען מיין פּאַרטריקענטע פון'ם גלות נשמה, פלעגט זיך אָנטרינקען, דערפרישען און דערקוויקען.

## „יום־הספר“ אין תל־אָביב.

דאָס איז געווען דעם ערשטען טאָג חוה"מ פסח. דאָס גאַנצע לאַנד און באַזונדערס תל־אביב האָט געפייערט אַ „יום־הספר“, געמאַכט אַ יום־טוב פאַר'ן בוך... זאָל דאָס בוך, דער אידישער ספר, וואָס איז אַזוי טייער, אַזוי הייליג צום „עם הספר“, האָבען זיין אייגענעם טאָג, זיין יום־טוב... זאָל דאָס גאַנצע לאַנד, שטאָדט און דאָרף, מאַן און פרוי, יונג און אַלט, זיך דערמאָנען אין'ם „ספר“, געדענקען און ריידען פון'ם ספר, און טאַקע אויך קויפען, באַקומען און לערנען דעם ספר.

דער טאָג איז געווען איינער פון יענע שעהנע לויטערע פריהלינג־טעג וואָס נאָר ארץ־ישראל פאַרמאָגט זיי. די שטאָדט תל־אביב, דעקאָרירט אין טויזענטער ווייס־בלויע פלעגס, וועלכע האָבען זיך באַזונדערס גע'חנ'דעלט אונטער די וואַרימע שמייכלען פון דער גאָלדענער זון, אונטער'ן ברייטען בלויען הימעל און אונטער'ן לאַשצענדען, גלעטענדען ווינטעלע, וואָס האָט געווייעט פון ים התכון, האָט אין יענעם צווייפאַכען יום־טוב'דיגען טאָג פון פסח און פון יום־הספר אויסגעקוקט ווי אַ שעהנע, פאַרפוצטע כלה אין'ם טאָג פון איהר חופה...

איבער דער גאַנצער לענג פון'ם פאַרק, אויף שדרת־רוטשילד, אָנפאַנגענדיג רחוב־אַלענבי, וואו בן־נחום'ס האָטעל איז, ביז „רחוב הערצל“, איז געווען איין גרויסע אויסשטעלונג פון העב־רעאישע ביכער, אַ גיגאַנטישע ביבליאָטעק אונטער'ן פרייען

ארץ־ישראל׳דיגען הימעל... אַ שעהן, הערליך בילד איז דאָס געווען, צו זעהן ווי דאָס אידישע פאָלק, פון קליין ביז גרויס, איז פאַראינטערעסירט ביי זיך אין לאַנד מיט זיין שפּראַך, מיט זיין ליטעראַטור און מיט זיין ספר...

אָה, וואָס פאר א שעהנע קאָמבינאַציע, וואס פאר א פיינע הארמאָניע: דער עם־הספר, אין ארץ־הספר, אינ׳ם יום־הספר!... אויף אלעמען איז דאן געווען א פרייד, אן אלגעמיינע יום־טוב׳דיגע שטימונג. יעדערער האָט דאמאָלסט ווי פארלוירען זיין אייגענעם „איך", זיין „יחיד", און איז איינגעשלונגען געווארען אינ׳ם כלל, אינ׳ם גאנצען פאָלק, איז געווארען אַ חלק פון דער אידישער נאציע.

לכבוד דעם טאָג איז אויך געגעבען געווארען א קאָנצערט אין „אולם־הגמנסיה" מיט חיים ווייצמאן אלס עהרען גאסט. אין האָל פון דער גמנסיה, פאר׳ן אָנפאַנג פון קאָנצערט האָט אונז דערזעהן דר. חורגין, מיט וועלכען מיר זיינען גוט באפריינדעט געווארען אין טבריה, שטעהענדיג צוזאמען אין איין האָטעל. דר. חורגין, אן אָנגעזעהענער תל־אביב׳ער בעל־הבית, זעהר א ליבליכער און אינטעליגענטער מענש, האָט אונז — מיך און מיין פריינד טשאַפּמאַן—צוגעפיהרט און פאָרגעשטעלט פאַר דר. חיים ווייצמאַן. דער פיהרער פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע האָט אונז דערלאנגט זיין האנט, באעהרט מיט א שמייכעלע און געפרעגט פון וועלכער שטאָדט אין אמעריקא מיר קומען, און מיט דעם איז אונזער אוידיענץ געווען צו ענד. דר. ווייצמאַן האָט אונז אויסגע־קוקט דעמאָלט שטארק פארענדערט. איבער זיין שטענדיג מונטערען געזיכט איז איצט געלעגען א טרויעריג, מרה־שחורה׳דיג וואָל־קענדעל... צי איז דאָס איבער זיינע „טראָבעלס", וואָס ער האָט מיט ענגלאנד צו מאכען איהר נאָכקומען און אויספילען איהרע פליכטען וואָס זי האָט פון אנפאנג גענומען אויף זיך?... צי דער עקאָנאָמישער קריזיס וואָס ער האָט געטראָפען אין לאנד האָט אויף איהם אזוי נעבעך געווירקט?... ווער קען וויסען, ווער קען אָפּשעצען די גרויסע ארבייט, די שווערע משא וואָס עס טראָגט

אויף זיך אין אזא צייט דער פיהרער פון אונזער ארימען פאָלק ?...

אפילו דער טאָן אין זיין רעדע לכבוד דעם יום־הספר, וועלכע ער האָט געהאלטען נאָכ'ן ערשטען פידעל־רעסייטל, האָט אויך עפּעס אויף אונז דעמאָלט ניט געמאכט דעם ריכטיגען איינ־דרוק וועלכען מיר האָבען דערווארטעט אין יענעם פייערליכען טאָג. באלד אָבער נאָכ'ן קאָנצערט איז אין חצר הגמנסיה געגעבען געוואָרען א טיי לכבוד דעם יום־הספר און לכבוד דר. ווייצמאַן מיט זיין פרוי און מוטער, האָט זיך די שטימונג ביי אונז גלייך געביטען. דאָ, אין הויף פון גמנסיה האָבען מיר געזעהן אונזער חיים ווייצמאַן שוין מיט א פרעהליך שטראהלענדיגען געזיכט. ער איז געזעסען געמיטליך מיט מעיאָר דיזענהאָף און מיט אנדערע „פני" פון שטאָדט ביי איינעם פון די פילע טישלאך וואס זיינען געווען צושטעלט איבער'ן גאנצען הויף און אויף וועלכע יונגע און שעהנע פרויען האָבען, אונטער דער פארוואלטונג פון פרוי און אויך פון מוטער ווייצמאַן סערווירט פאר אלע געסט הייסע טיי, איינגעמאכטס און פיראָזשנע.

אויף אַן עסטראדע, ספּעציעל געמאכט פאר אזעלכע פעלע, האָט געשפּילט א קינדער־ארקעסטער („תזמורת־ילדים"), די תלמידים און תלמידות פון דער גמנסיה, האָבען אמוזירט די געסט מיט געזאנג, טענץ און אטלעטישער קונסט. אויך מרים־בערשטיין־קאָהן, די באוואוסטע ארטיסטין האָט געגעבען עטליכע פון איהרע שעהנסטע נומערען געזאנג און דעקלאמאציעס, וועלכע האָבען ארויסגערופען גרויסע אפּלאָדיסמענטען און אויסגעשרייען „הדרן!" (ביס!).

איבער'ן גאנצען הויף פון דער גמנסיה האָט זיך געטראָגען א פרעהליכער געלעכטער און דער זיסער קלאנג פון דער העברעאישער שפּראך איז געווען צו אונזערע אויערען די בעסטע מוזיק.

דער „יום־הספר" איז געווען פאר אונז איינער פון די שעהנ־סטע, באגייסטערענדע און יום־טוב'דיגע טעג וועלכע מיר האָבען געהאַט דאָס גליק צו פארברענגען אין אונזער לאנד, ארץ ישראל.

## ביי די „מכבים" צו זייער 20טען יובילעאום.

דעם צווייטען טאָג פסח איז דאָס געווען. אין ארץ־ישראל, ווי באַוואוסט, איז שוין דאמאָלסט אויס יום־טוב, ווייל דער צווייטער טאָג איז נאָר א יום־טוב־שני של גליות. אין ארץ־ישראל איז נאָר איין טאָג יום־טוב, אָבער יום שכלו טוב... איין לאַנגער יום־טוב אין וועלכען די אידישע נשמה פיהלט זיך אימער פריי, ניט־גלות'דיג...

די תל־אביב'ער גאַסען זיינען געווען, ווי אימער, באַלעבט. איבער רחוב אלענבי זיינען געלאָפען די אויטאָ־באָסעס און איז־וואָשציקעס ווי אין אַן איינפאַכען וואָכעדיגען טאָג. אויך די געשעפטען און קראָמען זיינען געווען אָפען, דאָך האָט געשוועבט איבער דער גאַנצער שטאָדט א יום־טוב'דיגער גייסט. די „מכבים", תל־אביב'ער יוגענט, האָט אין יענעם טאָג געפייערט זייער 20טען יובילעאום.

דאָס איז געווען אויף „מגרש־יפו", זעהר א גרויסער פלאַץ וואו די מכבים האָבען זייערע פאַרשידענע באַל־שפּילען, ווי „כדור־יד" (הענד־באַל), כדור־רגל (פוס־באַל) און כדור־סל (בעסקעט באַל). אויף א גרויסער עסטראַדא איז געווען אויסגעזעצט די פּני פון שטאָדט מיט ווייצמאַן און פלומער אין דער פראָנט. ארום און ארום זיינען געווען אויסגעשטעלט בענק מיט ערטער פאר עטליכע טויזענט מענשען, און הונדערטער ווייס־בלויע פלעגס, אויך אנדערע

פארשידענע מינים קאָלירענדע פלעגס וואָס באלאנגען צו יעדער מחלקה פון די מכבים באַזונדער האָבען געפלאַטערט איבער'ן גאַנצען „מגרש".

פונקט צוויי אזייגער נאָכמיטאָג האָבען די מכבים ארייננעמאַרשירט אונטער דער מוזיק פון דער „תזמורת־המשטרה" (פּאָליס בענד). באלד איז געשפּילט געווארען די „התקוה" און פלומער מיט די אנדערע פאָר קריסטען און אראַבער וועלכע זיינען געווען איינגעלאַדען צו דיזער פייערונג האָבען זיך גלייך אויפגעשטעלט און סאַלוטירט אפּגעגעבען מיליטערישע עהרע צו אונזער נאַציאָנאַלען הימן. די קלאַפּעריי און געשרייען „הידד" האָבען געדונערט און פארהילכט די לופט.

די פּראָגראַם איז באַשטאַנען פון פארשיידענע פאָרשטעלונגען אין „התעמלות" (גמנסטיקא): רצה (לויפען), כדור־יד (הענד־באַל) און כדור־סל (בעסקעט־באַל). איך האָב שוין ניט איין מאָל געזעהן אין אמעריקא פּראָפעסיאָנעלע באַל־שפּילער, ווי די „ברוקלין" און „יענקיס", דוכט מיר אזוי רופען זיי זיך, און אויך אנדערע. איך נעם זיך ניט אונטער צו געבען דאָ אן אפּשאַצונג בנוגע צו דער קונסט: וועלכע פון זיי שטעהט העכער, בעסער — צי די אמעריקאנער, צי די תל־אביב'ער. איך בין ניט גענוג קאָמפּעטענט פאר אזא זאך, אָבער וואס איך ווייס איז דאָס, אז — איך ערלויב זיך דאָס אָנצורופען — א רוח־הקודש, א הייליגער גייסט, האָט געשוועבט אויף די יונגע זיהן און טעכטער פון תל־אביב, אייניקלעך פון אונזערע היסטאָרישע העלדען, די אמת'ע מכבים... די „סדרנים" און „שופטים" (די אָשערס און דזשאָדזשעס) זיינען ארומגעגאַנגען מיט בעדזשעס אויף די ארבעל, געהאלטען ארדענונג און געגעבען אלע מאָל באפעהלען אין העברעאיש: הכן, אחאַט, שתים, שאָלאָש! (גרייט, איינס, צוויי, דריי)! און אונזערע בחורים און בחורות, אָנגעטאָנענע אין קורצע און לייכטע אטלעטישע קאָסטיומען האָבען געוויזען זייער ארבייט מיט פיל פעהיגקייט און קונסט און נאָך מעהר מיט גרוים עקסטאז און באוואוסטזיניגען נאַציאָ־

נאַלען ענטוזיאַזם. דאָס האָט געדויערט דעם גאַנצען טאָג. די זון האָט פויל, עפּעס ווי אָהן חשק צו פאַרלאָזען דעם פּלאַץ, זיך אָנגעהויבען אַרונטערלאָזען צום ים צו. קעגענאיבער אין מזרח איז שוין געשטאַנען גרייט א פולע לבנה און ווי אפּגעוואַרט דעם זון־אונטערגאַנג אום זיך אַליין אַרויפצוכאַפּען און איבערנעמען די מלוכה... די מוזיק האָט א שפּיל געטאָן דעם לעצטען מאַרש און די מכבים מיט די פאָהנען אין די הענט און נאָך זיי דער פּיל־טויזענט־קעפּיגער עולם האָט זיך געלאָזט אין א „תהלוכה" (פּאַראַד) איבער די גאַסען פון תל־אביב.

צוזעהענדיג אונזערע יונגע גבורים מיט זייער נאַציאָנאַלען שטאָלץ האָט יעדעם האַרץ געקלאַפּט פאַר פרייד. און איך קען באמת זאָגען, אַז „מי שלא ראה שמחה זו לא ראה שמחה מעולם", ווער עס האָט ניט געזעהן דיזע שמחה האָט ער אין זיין לעבען קיין שמחה ניט געזעהן.

# דער „שבת“ אין תל־אָביב.

דאָס איז א קאפיטעל וואָס פאָדערט באזונדערע אויפמערק־זאמקייט. „שבת“, שטעהט ערגעץ געשריבען, איז א מתנה צום אידישען פאָלק וואס גאָט האָט זי געהאלטען גרייט פאר איהם נאָך איידער ער האָט די וועלט באשאפען. ווייסט עפּעס אונזער אידיש פאָלק אין די גלות־לענדער, און איבערהויפּט אין אמעריקא, וואס אזוינס שבת איז? האָט עס אפילו דעם מינדעסטען באגריף איבער יענער שעהנער, הייליגער מתנה וואָס גאָט האָט געהאלטען פאר איהם פון אייביגע יאָהרען און וואָס עס הייסט שבת?

מיר, עלטערע אידען, געדענקען נאָך, אמת, פון אונזערע יונגע יאָהרען, אין די קליינע אידישע שטעטלאך אין'ם תחום, דעם טאָג שבת. פון אונזערע נשמות, כלומרשט שוין ציוויליזירטע, פון דער געטאָ באפרייטע, רייסט זיך נאָך איצט ארויס א בענקענדער זיפץ נאָך יענעם הייליגען טאָג, דעם ליבען שבת־קודש וואָס מיר פלעגען זעהן ביי אונזערע כשר'ע, פרומע טאטע און מאמע. דעם פרייטאג־צו־נאכטס, די בענש־ליכט, דעם טאטענ'ס שלום־עליכם, דער קידוש, די זמירות... די שכינה פלעגט ממש רוהען איבער דער גאנצער שטוב... דער איד, א גאנצע וואך פארזאָרגט, פארקאָר־טשעט, ערנידעריגט און באשפיגען פון פריץ, שליאכט און גוי, פלעגט ער שבת זיך אויסגלייכען, די אויגען צעבלישצעט, דאָס פנים באשיינט און דערפיהלט האָט דער איד דעם מענש אין זיך,

דעם אויבער־מענש, עלטער פון אַנדערע, העכער פון אַנדערע און הערליכער פון אנדערע. אָבער יענער שבת אינ'ם קליינעם שטעדטעלע, אין דער „טשערטאַ אָסעדלאָסטי", איז געווען א „גלות שבת", אָדער עס אָנצורופען מיט א שפּיל־וואָרט — א "תחום שבת", א שבת וואָס האָט געטראָגען אויף זיך דעם חותם פון תחום, פון א צוים ארום איהם, באגרענעצט אין די פיר ווינקע־לעך פונ'ם שטיבעל, פון דער קלויז און פונ'ם ענגען הינטער־געסעל... שבת פלעגט זיין, אמת, די „פּרינצעסין מלכה", ווי היינע האָט איהר א נאָמען געגעבען, אָבער פאר א פּרינץ, וואס א גאַנצע וואָך איז ער געווען א כלב... פלעגט אבער די פּרינצעסין אוועק־געהן איז דער פּרינץ אוים פּרינץ און ווידער א כלב געווארען...

אין ארץ־ישראל, איבערהויפּט אין תל־אביב, אין אונזער הונדער־פּראָצענטיגער אידישער שטאָדט, האָב איך געזעהן אן אַנדער שבת, גאָר אן אנדער שבת... א שבת וואָס איז א אמת שעהנע מתנה פאר א באַפרייט אידיש פאָלק. א גאַנצע וואָך ארבייט עס האָרעפּאשנע, אָבער מיט גרוים ליבע און שטאָלץ אויף זיין אייגען לאנד און פעלד, שטאָדט און דאָרף. ער שאפט פאַר זיך, פאר זיין לאַנד, פאר זיין פאָלק, פאר זיין שפּראַך און קולטור, און אז עס קומט דער הייליגער שבת, איז דאָס א יום־מנוחה, אן אמת'ער רוהע־טאָג. אלץ ארום רוהט. עס רוהט אויך זיין אייזעל און זיין אָקס, זיין געשעפט, זיין פאבריק. קיין איזוואָשציקעס, קיין אויטאָ־באָסעס זעהר איהר ניט פון פרייטאָג פארנאכט ביז שבת צו נאכטס איבער די גאסען פון תל־אביב, וואָס א גאנצע וואך זיינען זיי רוישענד און באַוועגליך ניט ווייניגער באלד ווי די גאסען פון פּאריז...

און דיזע רוה, דיזע מנוחה איז אויך באגלייט מיט א פרייד, מיט א שמחה. ווען איהר געהט פרייטאָג צו נאכטס איבער די שטילע רוהיגע גאסען, הערט איהר פון יעדען העל באלויכטענעם הויז, פון יעדער גזוזטרא (וועראנדא), זיסע קלאנגען פון שבת'דיגע זמירות, אָדער אזוי העברעאישע לידעלאך און נגונימלאך, אונטער'ן

טאַקט פון וועלכע די פאמיליע, גרויס און קליין, נעמט זיך אין א ראָד און לייגענדיג האנט אויף אקסעל טאַנצט א חלוצי'שע הארע. איהר זעהט פאר אייערע אויגען דעם שבת־קודש, איהר פיהלט אין אייער הארצען די מנוחה ושמחה, וואָס שוועבט איבער דער אידי־שער שטאָדט, און איהר באגרייפט די טייערע מתנה שבת, וואָס גאָט האָט געשענקט צו זיין אידיש פאָלק, וואָס פאַסט זיך אַזוי שעהן צו איהם ווען ער זיצט זיך געזיכערט אויף זיין אייגען לאנד.

מערקווירדיג: דאָס ערשטע מאָל ווען איך האָב דערזעהן תל־אביב אום שבת אין דער פריה, איז מיר ארויף אויפ'ן געדאנק די ווערטער: „יום זה מכובד". וואוהין איך בין געגאנגען האָט זיך עפּעס געפיהלט יום זה מכובד'יג... די שפּאצירענדע אויף די טראָטואַרען, געקליידעט איינפאך אבער זעהר נעט און ריין; די קינדערלעך אין שטאָדט־גאָרטען, געפיהרט פון מוטערס אָדער גובערנאנטינס, וואָס שטרעקען די הענטעלעך צו אייך און זאָגען אייך „סאַבאַט־סאַלאָם" (שבת־שלום)! אין אַלץ ארום פיהלט איהר דעם הייליגען שבת, דעם געהערליכטען טאָג, דעם טאָג וואס ער איז „מכובד" ביים פאָלק ישראל.

געהט דאָ דער שבת קודש אוועק, הערט איהר ניט דעם גלאָק פונ'ם קלויסטער... די קלאנגען וואס וואַרפען אימער אָן עפּעס אן אומעט מיט א מרה־שחורה.. דאָ, אין דער אידישער תל־אביב, פארשטעהט זיך, איז ניטאָ קיין קלויסטערס אפילו אויף א מוציא... ווי א שעהנע פרינצעסין באקליידט זיך תל־אביב צוריק מיט איהר וואָכעדיג קלייד... עס פיהלט זיך די הבדלה בין קודש לחול. עס הויבט אָן ווידער צו זשומען, צו רוישען גרויס־שטאָדטיש. עמך ישראל נעמט זיך צוריק צו דער ארבייט, צו פרנסה, צום ויתן לך מטל השמים ומשמני הארץ... און איז שטאָלץ און גליקליך וואָס ניט קיינער, נאָר גאָט אליין גיט איהם פונ'ם טוי פון זיין הימעל און פון דער פעטקייט פון זיין ערד, פון זיין אייגען לאנד...

## אַ קוש פון אַ שעהן ווייבעל; הונדערט דאָלאַר פאר'ן נאַציאָנאַל־פאָנד, מיט א תיקון־נשמה...

(אן אמת'ע מעשה פאסירט מיט מיר אליין אין ארץ־ישראל.)

האָט איהר אַמאָל געהאַט אזא גליק, מיינע ליבע לעזער, צו כאַפּען אַ קוש פון א יונגער שעהנער ווייבעל און צו דעם נאָך קריגען צוגעצאָהלט הונדערט דאָלאר? ניין, זאָגט איהר? אזא גליק האָט זיך אַ י י ך קיינמאָל ניט געמאכט?... מיר — יאָ! איך האָב געהאַט דאָס גליק, אז אַ יונגע בילד־שעהנע ווייבעל, צוויי־און־דרייסיג יאָהר אַלט, אַ גאַנץ פרעמדע צו מיר, האָט מיך, אַ אידען פון 58 יאָהר אלט (באלד צוויי מאָל אזוי אַלט ווי זי), א קוש געטאָן און דוקא אין דער געגענווארט פון איהר מאן, און ווען איך האָב געפאָדערט פון אים, איהר מאן, „שאָדענערזאַץ", האָט ער מיר באַצאָהלט הונדערט דאָלאר במזומנים, גלייך אויפ'ן אָרט, אָהן איבעריגע טענות...

דיזער זאָנדערבארער אינצידענט איז פאָרגעקומען מיט מיר אין א האָטעל... א יאָ, שעהן?! און ווייסט איהר נאָך וואו דאָס האָט פאסירט? אין ארץ־ישראל, אין אונזער ליבער היימלאנד!... נאָך שעהנער, ניין?...

ווילט איהר דאָך מסתמא הערען די גאנצע מעשה ווי אזוי דאָס האָט פאסירט, וועל איך אייך זי דערצעהלען פון אָנפאנג ביז'ן סוף.

דאָס ערשטע מאָל האָב איך זי געזעהן אין ירושלים, אין „האָטעל גאָלדסמיט", וואס געפינט זיך אויף רחוב בצלאל. דאָס איז געווען א שבת אין דער פריה. מיר, אלע געסט פונ'ם האָטעל, זיינען געזעסען אין עס־צימער, ארום א גרויסען לאנגען טיש, אויף וועלכען עס איז געווען סערווירט עכט־שבת'דיגע מאכלים מיט געהאקטע לעבערלעך, טשאָלענט־יויך און לאָקשענער קוגעל... זאכען וועלכע האָבען דערמאָנט א וועלט מיט ווייטע זכרונות און געמאכט זעהר אן אנגענעמענעם איינדרוק... צווישען די געסט ביים טיש זענען געווען אייניגע לעהרער און לעהרערינס פונ'ם מזרחי'שען „בית־מדרש למורים", וועלכער געפינט זיך דאָ אויף רחוב בצלאל, דאָס צווייטע הויז פונ'ם האָטעל, אין וועלכען זיי, די לעהרער, קריגען דאָ זייערע מאָלצייטען.

די מענער זענען אלע געזעסען ביים טיש מיט צוגעדעקטע קעפּ, ווער מיט א הוט, ווער מיט א יארמולקע. דער עולם האָט צווישען די געריכטען אָנגעפאַנגען זינגען זמירות און איך בין אויך באלד פארכאפּט געוואָרען מיט דער שבת'דיגער שטימונג און אוועק מיט'ן גאַנצען עולם'ס באגלייטונג אינ'ם באקאַנטען, טראדי־ציאָנלען זמר: „שבענו מטובך . . . וטהר לבנו לעבדך באמת" . . . און מיין חסידישע התלהבות האָט זיך צוברענט אין מיר אזוי ווי גאָר אמאָל אין די יונגע יאָהרען...

אויפ'ן עק טיש, אַנטקעגען מיר ארונטער, האָב איך מיט אמאָל באַגעגענט צוויי אויגען קוקען אויף מיר... און געקוקט האָבען זיי אויף מיר אזוי טיף, אזוי ארייננדרינגענד און עפּעס אזוי פארבענקט, אז איך בין אביסעל צומישט געוואָרען... דאָס איז געווען זי... דאָס שעהנע ווייבעל... זי איז געזעסען נעבען איהר מאַן צוגעשפּארט מיט איהר רעכטער האנט פון וועלכער עס האָט געפינקעלט א ים מיט דימענטען, קענטיג ניט קיין אָרימע מענשען. ווער דאָס שעהנע יונגע ווייבעלע איז, וואָס קוקט זי אויף מיר און וואָס וויל זי פון מיר, נעבאך? ... דאָס האָב איך ניט געקענט פאר־שטעהן בשום אופן.

נאָכ׳ן עסען, אין דער לאָבי, האָט דער בעל־הבית פונ׳ם האָטעל אונז פאַרגעשטעלט אין העברעאיש:

— אדון וגברת פושקאָף — אדון וגברת שאָנבערג!

אין א ווײַלע ארום זענען מיר שוין געזעסען צוזאמען און געשמועסט. אויך זיי זענען אמעריקאנער. פון שיקאגא זענען זיי. און געקומען קיין ארץ־ישראל זענען זיי נאָר אלס טוריסטען, אָבער איהם, מר. שאָנבערג׳ן, איז ארץ־ישראל אריין אין הארצען און ער וויל שוין פארבלייבען וואוינען אינ׳ם אידישען לאנד... זיין העכסטער וואונש און גליק אין לעבען וואָלט געווען זיך צו באזעצען דאָ אויף אימער מיט זיין ליבער פרוי און זייערע צוויי יונגע קינדער, זעהר פעהיגע קינדער, וועלכע לערנען זיך איצט אין דער שווייץ, אָבער זיי וואָלטען דאָ געקאָנט קריגען א שעהנערע און בעסערע ערציהונג, וואָס איז איהם נאָהענט צום הארץ און נאָך זיין געשמאק נאָך... אָבער וואָס טוט מען מיט איהר, טאַקע מיט מיינער, מיין איך? — מאַכט צו מיר מר. שאָנבערג מיט א טיפען זיפץ — זי איז נאָך ווייט פון אַזאַ געדאַנק... דאָס הייסט, אין אמת׳ען גערעדט, „ניין" זאָגט זי ניט"... זי קען דאָס ניט זאָגען, ווייל זי איז שוין אויך פארליבט אין ארץ־ישראל אפשר ניט וויינינגער פון מיר, איהר פארשטעהט? אָבער „יאָ" זאָגט זי אויך ניט... ווידער־זשע צוריק, איך זאָל רעדען איבער איהר אזוי לאנג ביז איך זאָל פועל׳ן ביי איהר אויף „יאָ", וויל איך אויך ניט, דאָס וואָלט שוין געווען צו־געוואגט פון מיין זייט...

— זעהט איהר, — טוט ער מיר א זאָג שטילערהייט, זיך אָנבויגענדיג צו מיר, בשעתביידע אונזערע פרויען זענען געווען פאַרטיפט אין א שמועס, — ווען עמיצער פון דער זייט זאָל קאָנען האָבען אויף איהר אן איינפלוס, דאָס וואָלט געווען גוט...

— אט, למשל, איהר — רעדט ער ווייטער צו מיר אין דער שטיל — בין איך זיכער וואָלט געקאָנט שטארק ווירקען אויף איהר... ווייל איהר רעספעקט צו אייך איז אומגעהייער גרויס. איהר ווייסט עס ניט... אָבער מיר האָט זי דאָס געזאָגט. פון דער

ערשטער מינוט וואָס זי האָט אייך דערזעהן, האָט זי אייך ליב באַקומען... איהר פּאָטער עליו השלום, זאָגט זי, האָט אויסגעזעהן פונקט ווי איהר... איין מענש מיט'ן געשטאַלט, מיט דער שפּראַך און אפילו מיט די מאַניערען... און א פּאָטער האָט זי געהאַט — מעגען מירביידע האָבען אַזאַ יאָהר! ...

— אָה, ווען זי זאָגט מיר שוין נאָר דעם „יאָ" איהרען, דאַן איז מיין פּלאַן א גרייטער. מיר פּאָרען גלייך אָפּ פון דאַנען אין דער שווייץ. זי לאָז איך איבער אויף דערוויילע דאָרטען, מיט די קינדער. איך אליין פאָר אוועק קיין פלאָרידא און אין גערי, אינדיאַנא, ליקווידיר דאָרטען מיינע געשעפטען פון וועלכע איך האָף צו מאַכען ניט ווייניגער פון א האַלבען מיליאָן דאָלאַר. איך קום דאַן צוריק אין דער שווייץ, פאַרנעם מיר מיין ווייב און קינדער און פּאַשאָל אַהיים! צו אונז אַהיים! ... אפשר א שלעכטער פּלאַן, וואָס זאָגט איהר? ...

— איך האָב זיך דורכגעשריבען וועגען דעם מיט מיין קאָזין פון ניו יאָרק, געוויס קענט איהר איהם אויך, ווי דען? ווער קען דאָס ניט דזשאָזעף באַראָנדעס? אַ יאָ א פיינער מאַן? אה? עס איז כדאי צו האָבען אַזאַ קאָזין און מען מעג נעמען פון איהם א ראַטה... ניין? נו, שרייבט ער מיר אויך, אז מיין פּלאַן איז זעהר א גוטער. אָט איז זיין בריף, איהר מעגט לעזען וואָס ער שרייבט מיר און מיט וואָס פאַר א באַגייסטערונג ער רעדט מיך צו אויס־צופיהרען מיין פּלאַן, — צייגט מיר מר. שאָנבערג זיין בריף פון יוסף באַראָנדעס.

— אָבער ווידער דאָס זעלבע, וואָס טוט מען מיט איהר, אז זי זאָל אויך אַזוי ווערען פאַראינטערעסירט אין מיין פּלאַן ווי איך? איין זאַך, האָף איך, וועט זי נעמען, און דאָס איז, וואָס איך האָב איהר צוגעזאָגט געבען א סומע ביז פופציג טויזענט דאָלאַר פאַר וועלכער זי זאָל אוועקשטעלען א הויז אין ארץ־ישראל פאַר אָרימע חלוצים און חלוצות, זיי זאָלען קאָנען דאָרטען אָפּעסען און איבערנעכטיגען, פאַר זעהר ביליגע פרייזען. איבער'ן הויז זאָל זי

זיין די בעל־הבית'טע. אויב איהר וועט מיט איהר רעדען, און איך בעט אייך טאַקע איהר זאָלט מיט איהר רעדען — קען דאָס, דיזע וואוילטעטיגע זאך, מיין איך, אייך דינען פאר א גוטען מאָטיוו צו ווירקען אויף איהר...

אין דערזעלבער צייט וואָס איך מיט מר. שאָנבערג זענען געזעסען און האָבען גערעדט, האָבען אויך אונזערע פרויען געהאַט א געשפּרעך, און יענער געשפּרעך איז געווען נאָך מעהר אינטים און מעהר הארציג ווי אונזערער.

מרס. שאָנבערג האָט דערצעהלט מיט ביטערניש, אז איהר לעבען אין אמעריקא איז אָהן אינטערעס, זי קען ניט, זינט זי איז אין אמעריקא, זיך צופּאַסען צו יענעם לעבען וועלכער איז פּוסט, אָהן א שום אידעאל... זי גערענקט גוט און בענקט נאָך נאָכ'ן אידישרוסישען לעבען. זי האָט נאָך איצט ליב די רוסישע שפּראך, כאָטש זי איז שוין לאנג ווייט פון איהר.... זי קען ניט פארליידען די פאריענקעטע, פארבלאָזע געזעלשאפט... זי ווייכט פון איהר. זי פאַרברענגט איהר צייט אין מוזיק ביי דער פּיאַנאָ און אין ליטעראַטור. באזונדערס ליבט זי די פראנצויזישע ליטעראַטור. די קינדער האָט זי אוועקגעזעצט אין דער שווייץ. דאָרטען האַלט זי אויך א העברעאישען לעהרער צו זיי. דאָס איז אלץ צייטווייליג, אויף דערווייל. ווייטער ווייסט זי אליין ניט וואָס צו טאָן, וואו ערגעץ זיך צו סעטלען. אין אמעריקא וויל זי ניט און וועט ניט פארבלייבען. זי איז נאָך יונג און וויל נאָך לעבען אזוי ווי זי פארשטעהט, און באזונדערס די ערציהונג פון די קינדער, פאר דעם איז אודאי קיין פּלאַץ ניטאָ אין אמעריקא...

איך בין זעהר פאראינטערעסירט געוואָרען מיט דיזען פּאָר־פאָלק. איך האָב געזעהן פאר זיך צוויי ריינע, גוטע נשמות וואָס ווילען ניט און לאָזען זיך ניט פארקענכטען, פארגוואלדיגט ווערען פונ'ם אלץ באהערשענדען גאָלד... און זיי זוכען פאר זיך די זויבערע נשמות, א מקום מנוחה צו לעבען א רוהיגען אידעאלען לעבען און הנאה האָבען מזיו השכינה...

ווען מיר האָבען זיך אוועקגעזעגנט נעבען די פרויען, האָב איך ווידער באגעגענט מרס. שאָנבערג'ס צוויי אויגען, און איצט זיינען זיי געווען נאָך מעהר פול מיט געפיהל, בענקעניש און איך ווייס אַליין ניט מיט וואָס נאָך...

— אך! — ווענדעט זי זיך גלייך צו מיר. — איהר זענט מיר אזוי געפעלען געוואָרען ווען איהר האָט געזונגען די זמירות, אז איך האָב אייך גלייך ליב באקומען...

איך טו, שוין אביסעלע דערשראָקען, א כאַפּ א קוק אויף מיין זוגתי שתחיה, וואָס, הייסט עס, וועט זי, מיין ליבינקע, אויף דערויף עפּעס זאָגען.. ערשט זי שמייכעלט און איז גאר צופרידען... איהר פארשטעהט אַן עסק, זי קוועלט נאָך גאָר וואָס אַנדערע פרויען האָבען מיך ליב...

פון דעמאָלט אָן האָט מיך דאָס שעהנע יונגע ווייבעלע אָנגעהויבען „פארפאָלגען"... אימער האָט זי ליב געהאט צו זיצען לעבען מיר און, גלעטענדיג מיר די הענט, מיך בעטען איך זאָל איהר זינגען אידישע און העברעאישע לידלאך, און ווען זי פלעגט זיצען ביי דער פיאנאָ און געווען ווי פארטיפט אין בעטהאָווען'ס א סאָנאַטאַ אָדער אין שאָפּען'ס א נאקטוירן, פלעגט זי ליב האָבען איך זאָל שטעהן לעבען איהר. זי גלייכט מיינע באמער־קונגען וואָס איך גיב אויף איהר שפּילען אין פארשיידענע ערטער.

אין ירושלים'ער האָטעל זיינען מיר געשטאַנען מיט די שאָנבערגס צעהן טעג, און וועהרענד דיזער צייט האָבען מיר צוזאמען זעהר פיל דיסקוטירט די פּראָבלעם פון זייער סעטלען זיך אין ארץ־ישראל און א דאנק אביסעל מיין איינפלוס און נאָך מעהר דער איינפלוס פון ארץ־ישראל אליין מיט די שעהנע זונען־טעג, די בלויע בערג פון יהודה אונטער די העל־בלויע הימלען מיט די כישוף'דיגע זילבערנע לבנה־נעכט — האָבען די שאָנבערג'ס, שויןביידע איינשטימיג, ענדליך באשלאָסען צו פארבלייבען ארץ־ישראל'ער תושבים.

— וואָס הערט זיך מיט'ן קוש? — פרעגט איהר, — און מיט די הונדערט דאָלאר פאר'ן נאציאָנאל־פאָנד?...

כאפט ניט, האָט געדולד! איך וועל אייך באלד אלץ דער־צעהלען.

דאָס איז געווען אין תל־אביב, אין האָטעל „אשל", אויף רחוב אחד־העם (זעהט איהר, מיינע ליבע, מיט אלע איינצעלהייטען דערצעהל איך אייך וועגען מיין גליקליכען צופאל...) איינמאָל אין אַן אָווענט, קומט אריין אונזער פאָר פאָלק, די שאָנבערגס, זיך געזעגענען מיט אונז. זיי פאָהרען מאָרגען אָפּ אין דער שווייץ צו סעטלען אלץ נאָכ'ן פלאן נאָך אויף צו קומען צוריק זיך צו באזעצען אין ארץ־ישראל. מיט אונז זיינען אויך געווען, ווי אימער, אונזערע פריינד פון שיקאגא, די טשאפּמאנס, וועלכע האָבען אויך געקוואַרטירט צוזאַמען מיט אונז אינ'ם זעלבען האָטעל. יענער אָווענט איז געווען פאר אונז איינער פון די אינטערעסאנטסטע אָווענטען וואָס מיר האָבען פארבראכט אין ארץ־ישראל.

אין יענעם אָווענט איז אונזער גלויבען אינ'ם „איד־מענש", אָדער „מענש־איד" פילפאך שטארקער און גרעסער געווארען. ביי א גלאָז טיי זענען מיר אלע געזעסען אין אונזער צימער האלב־טונקעל באלויכטען פון איין עלעקטרישען לעמפּעלע און זעהר שטיל איז געווען ווען מר. שאָנבערג האָט אויסגעגאסען פאר אונז זיין הארץ. דאָס איז געווען אַן אמת'ער ווידוי־הנפש... ווי גליקליך ער איז וואס זיין נשמה, וואָס בלאנקעט זיך ארום אזוי פיל יאָהר אין עולם־התוהו וועט איצט ענדליך באקומען א תיקון... ער לעבט זעהר גליקליך מיט זיין פרוי און צוויי קינדער, וועלכע ער האָט ליב מעהר ווי זיין לעבען... ער האָט אויך א סך געלט, אבער זיין נשמה ליידט אין גלות... ער וויל דאָרט מעהר ניט פארבלייבען... אין אמעריקא געהען ארום לעבעדיגע מענשען מיט טויטע נשמות... אמעריקא איז איין גרויסער גיגאנטישער מואווינג־פּיקטשור פּלאץ... אין ארץ־ישראל האָט ער צום ערשטען מאָל דערזעהן לעבעדיגע מענשען מיט לעבעדיגע נשמות, אמת'ע אידישע נשמות... וואָס

מעהר, וואָס לענגער ער איז אין ארץ־ישראל, — אלץ מעהר ווערט דאָס איהם ליב און טייער...

מר. שיינבערג בלייבט שטיל א מינוט, הייבט פלוצלונג אויף פונ'ם טיש זיין גלאָז טיי, טוט אַ קוק אויף איהר צום שיין פון דער ליכט און זעצט פאָרט:

— מיין זיידע ז"ל האָט מיר אמאָל געגעבען צו פארשטעהן דעם חילוק צווישען פאלשער טיי און אמת'ער טיי... פון פאלשער געפארבטער טיי איז די ערשטע גלאָז טיי זעהר שטארק, די צווייטע איז שוין שוואכער, די דריטע איז שוין גאָלע וואסער... פון גוטער אמת'ער טיי, אבער, איז פארקערט: די ערשטע גלאָז טיי איז זעהר שוואך, די צווייטע איז שוין שטארקער, די דריטע נאָך שטארקער, און אז. וו.

— איך מיט מיין פרוי, לאָמיך אייך זאָגען, האָבען ארומגע־רייזט גאנץ אייראָפּע. מיר זיינען אויסגעוועזן אין די גרעסטע און שעהנסטע שטעדט. דער גלאנץ, דער פראכט זייערער האָט אונז ביים ערשטען בליק פארבלענדט... דער איינדרוק איז געוועזן זעהר אַ שטארקער, אָבער באַלד זיינען מיר אָפּגעקיהלט געוואָרען. עס איז אונז דאָרטען געווארען לאנגווייליג און מיר זיינען אוועק פון דאָרטען. ווייסט איהר, פארוואס? ווייל עס איז פאלשע טיי!... ארץ־ישראל, אָבער, איז פונקט דער היפוך: פון אָנפאנג, ווען דו זעהסט דאָס לאנד אויפ'ן ערשטען בליק, אויבערפלעכליך, קענסטו אפשר ניט אזוי באגייסטערט ווערען, און דיין איינדרוק וואָס דו קריגסט איז בלאָס און שוואך, בלייבסטו אבער דאָרטען א לענגערע צייט, דאן ווערסטו מעהר און מעהר צוגעצויגען און דיין ליבע צום לאנד וואקסט פון טאָג צו טאָג... אט טאקע ווי ריינע אמת'ע גוטע טיי... דעם ליכטיגען גן־עדן זאָל מיין זיידע דאָרטען האָבען!...

מר. טשאפּמאַן האָט דאן ארויסגענומען פון שראנק אַ פלאַש קאָניאַק „מתוצרת האָרץ" (א פראָדוקט פונ'ם לאַנד), האָט אָנגע־גאָסען צו גלעזעלאך און געטרונקען „לחיים" מיט אַ הארציגער ברכה צו די נייע ארץ־ישראל'ער תושבים.

איך האָב אויך גענומען מיין גלעזעלע קאָניאק אין דער האנט, און זייענדיג אינספירירט פונ'ם אָוועגט און פון די ניי־געבוירענע נשמות וואָס האָבען ענדליך באקומען א תיקון, איז מיר געלונגען מיט מיינע עטליכע ווערטער צו ברענגען דאָס ליבע פאָר פאָלק צו טרערען... מיט טרערען פון פרייד זענען זיי געפאלען איינער דעם אנדערען אויפ'ן האלז און געוויינט...

פלוצלינג טוט דאָס שעהנע יונגע ווייבעלע א פאל צו מיט איהרע ליפען צו מיין געזיכט און מיר אָפגעלאָזט א קוש... עס האָט אזש א קלונג געטאָן איבער'ן גאנצען צימער....

איך, נאטירליך, האָב באלד געמאכט א געוואלד... סטייטש, היתכן ! ... אָבער דער מאן איהרער האָט מיך באלד א פרעג געטאָן וואָס איך וויל דערפאר... ניט לאנג געטראכט האָב איך גלייך געענטפערט, אז הונדערט דאָלאר פאר'ן אידישען נאציאָנאל־פאָנד וועט פאר מיר זיין א באפרידיגונג...

מר. שאָנבערג האָט באלד ארויסגעכאפט 20 פונט (100 דאָלאר) און מיר דערלאנגט מיט אן איראָניש שמייכעלע, באמער־קענדיג דערביי, אז איך האָב א קליינע אָרימע השגה...

אָט דערמיט האָט זיך געענדיגט יענער אומפארגעסליכער אָוועגט מיט א קוש פון א שעהנער ווייבעל, הונדערט דאָלאר פאר'ן אידישען נאציאָנאל־פאָנד און א תיקון־נשמות...

# „עברית, רק עברית!"

„עברית, רק עברית" (מיט דער הברה הספרדית לעזט זיך עס: „עבריט, רק עבריט"!), איז א פראזע, וועלכע איז באוואוסט איבער גאנץ ארץ־ישראל און ווערט שטארק און זעהר אָפט באַנוצט אינ'ם טאָג־טעגליכען לעבען. די באַדייטונג דערפון איז, אז מען בעט דעם עולם (האלב בקשה — האלב באַפעל) צו ריידען „העברעאיש און נאָר העברעאיש!" באַזונדערס פאַסט אויף אף דעם דער „גדוד מגיני השפה", דער „רעגימענט פון די באַשיצער פון דער שפּראך", און אַ דאַנק דעם „גדוד", וואָס שטעהט שטענדיג אויף דער וואך און מיט זיין איבערגעבענקייט און כמעט פאַנאַטישער טרייהייט צו דער העברעאישער שפּראך איז העברעאיש ווירקליך געווארען די הערשענדע שפּראך אין לאנד. מעגען די אידישיסטען זיי אָנרופען פאַנאַטיקער, פאַשיסטען און וואָס נאָר זיי ווילען, אבער פאקטען זיינען שטאַרקער פון זיי און פאקטען ריידען פאר זיך אליין...

ווען ניט דער „גדוד" וואָלט מיט דער העברעאישער שפּראך פּאסירט דאָס זעלבע וואס אין אמעריקא. די אידישיסטען וואָלטען זי שוין פארזארגט. נישקשה, איהר מעגט זיך שוין פארלאָזען אויף זיי... אין אמעריקא האָבען מיר פיר מיליאָן אידען, אָהן עין הרע! צווישען זיי זיינען פאראן צעהנדליגע טויזענטער העברעער, געוועזענע משכילים, אייך און מיך אריינגערעכענט... נו, לעזען

מיר עפּעס א סך העברעאיש, חוץ'ן שטיקעלע „הדואר", דאָס קאָווע־לעפּעלע העברעאיש, וואָס מיר נעמען איין פון שבת־צו־שבת? .... ווער האָט דאָס אוועקגענומען, ווער האָט דאָס אוועק־געראבט אָט די אלע צענדליגע טויזענטער העברעאישע לעזער, וועלכע האָבען א מאָל אַ טאָג ניט געקענט איבערלעבען אָהן אן „הצפירה", „הצופה", „המליץ" און אז. וו. וואו זיינען זיי? וואו זיינען זיי אהינגעקומען? אנו, פּרוואווט־זשע אָבער, זייט זיך מטריח און טוט א פאָר אריבער אהינצו, אין יענעם לאנדעלע, אין אָרץ־ישראל, מיט א זשמענקעלע אידען, וואס קען זיך באהאלטען אין א ווינקעלע אין בראָנזוויל, וואָס־זשע זעהט איהר דאָרט? דריי גרויסע העברעאישע טעגליכע צייטונגען: „דואר־היום" (אין ירושלים — א „רעכטע"); „הארץ" (אין תל־אביב — א „בעל־הבית'ישע"); און „הדבר" (אין תל־אביב — א לינקע). חוץ וויכענטליכע און מאָנאַטליכע זשורנאלען, חוץ קינדער־ און פרויען־זשורנאלען און חוץ אגריקולטורעלע, אינדוסטריעלע און פארשיידע־נערליי זשורנאלען. די שפּראך לעבט, נעמט ארום און דרינגט אריין אין יעדען שפּעלטעלע, אין יעדער שפּארינקעלע פון אידישען לעבען. ווייסט איהר ווענען דאָס איז צו פארדאנקען? דעם „גדוד" און נאָר דעם „גדוד" מיט זיין פאנאטיזם און מיט זיין אייזערנער מאָטאָ: „עברית, רק עברית!" אויב זיי לאָזען ניט אידיש, אָדער ווי זיי רופען דאָס „דעם זשארגאָן" אריבערטרעטען די שוועל פון ארץ־ישראל, ווייסען זיי וואָס זיי טוען. זאָגט אייך וואָס איהר ווילט, מיינע ליבע לעזער, מיר געפעלט נאָך עד היום דאָס וואס אונזערע אמאָליגע העברעער האָבען א נאָמען געגעבען דער העברעאישער שפּראך „גברת" (מאדאם) און דער אידישער שפּראך — „שפחה" (דינסט). די „גברת" פילט נעבאך אינס־טינקטיוו אז איהר אידישע דינסט לאקערט אויף איהר אימער און וויל ירשנ'ען איהר פּלאץ! ... פאר קיין אנדער שפּראך — א גוי'אישע דינסט — האָט די „גברת" קיין מורא ניט, נאָר פאר דער אידישער; פאר איהר ציטערט זי אימת מות...

איהר קענט אין תל־אביב׳ער גאסען הערען אָפט א רוסיש וואָרט, קיינעם אַרט דאָס ניט. מיר זיינען איינגעשטאַנען אין האָטעל „אשל״, ביי הרב טאבאטשניק. מאדאם טאַבאַטשניק איז מכיה־יוסף בערדיטשעווסקי׳ס שוועסטער. די קינדער אלע געלערנ־טע און אינטעליגענטע. צווישען זיך רייידען זיי נאַטירליך העברע־איש, מיט דער מוטער אָבער, א נאָך ניט אינגאנצען „אויסגע־גרינטע״ (זיי זיינען אלע ניט לאנג אריבערגעקומען פון אדעס), ריידען זיי האלב העברעאיש און האלב רוסיש! פון אידיש אנטלויפט מען... פאר דער אידישער דינסט האָט מען מורא... די אידישע דינסט האָט א טבע זיך שטופען אויבען־אָן, פארנעמען דער בעל־הבית׳טעס אָרט...

אוסישקין, דער „אַייזערנער״ האָט נאָך אין די אַמאָליגע יאָהרען אויף איינעם פון די ערשטע קאָנגרעסען אין באזעל געדונערט: „או עברית, או רוסית!״ (אָדער העברעאיש, אָדער רוסיש!) ער האָט שוין דאמאָלסט מורא געהאט פאר אידיש. ער האָט שוין דאמאָלסט געפיהלט די געפאהר וואס אידיש איז פאר דער העברעאישער שפראַך... איצט זעהען מיר דאָ, אין אמע־ריקא, וואו אידיש איז איבער אלעס, און העברעאיש קען דאָ קיין פּנים ניט ארויסווייזען... און אָט איבער דעם איז אזוי נויטיג אין ארץ־ישראל דער „גדוד מגיני השפה״. דער „גדוד״ האָט שוין אָפגעטאָן און טוט איצט אויף זעהר פיל פאר דער העברעאישער שפּראך. זאָל כאָטש די אייגענע היים, די פיר ווינקעלעך פון דער ארץ־המולדת, דאָס וויגעלע פון דער העברעאיש זיין פאר איהר א שוץ, אן אָרט אונטער דער זון צו אָטעמען און צו לעבען! ...

די גאַנצע חלוצים׳שע יוגענט איז מאָביליזירט אין דעם „גדוד״, באַזונדערס די קינדער, די תלמידים און תלמידות פון די שולען און גימנאַזיעס, זיי קעמפען ממש מיט מסירת נפש פאר זייער שפּראך.

ניט איין מאָל האָט זיך אונז געמאכט די ערשטע צייט שפּאַ־

צירענדיג איבער תל־אביב'ער גאסען אז א אינגעלע האָט געהערט ווי מיין פרוי רעדט צו מיר אידיש, האָט ער אונז גלייך אָפּגע־שטעלט און זיך געבעטען: „גברת, בבקשה, עברית"! (מאדאם, ביטע, העברעאיש!).

שפּעטער האָבען מיר ביידע, אין גאס כאָטש שוין געטרייט ווי ניט איז האַלטען אונזערע שמועסען אין העברעאיש.

די אמת'ע ריכטיגע קעמפּער פאַר העברעאיש אין אונזער לאַנד איז די יוגענד, די „תינוקת של בית רבן", זיי זיינען די צוקונפט פון אונזער פאָלק, פון אונזער לאַנד און פון אונזער שפּראַך.

איינער פון די תלמידי גמנסיה, — האָט מען אונז דער־צעהלט, — האָט אַמאָל, שפּילענדיג זיך מיט חברים ביים תל־אביב'ער ברעג ים געזעהן אחד־העם'ן מיט ביאַליק'ן זיצען אויף א באַנק. ער האָט זיך צוגעהערט צו זייער שמועס און דער אויער זיינער האָט עפּעס געכאַפּט אז די שפּראַך איז ניט געווען העב־רעאיש. דער קונדס האָט לאַנג ניט געטראַכט און מיט אַן אָנגע־צונדענער שוועבעלע האָט ער אָנגעהויבען ארומקריכען אויף דער ערד ארום זייער באַנק און ווי געזוכט עפּעס.

דער פילאָזאָף מיט'ן פּאָעט האָבען ביידע גלייך א פרעג געטאָן דעם חברה־מאַן וואָס ער זוכט דאָ עפּעס אין מיטען העלען טאָג מיט דער ליכט פון אַן אָנגעצונדענער שוועבעלע.

— מלה עברית! (אַ העברעאיש וואָרט) — האָט דער קליי־נער דיאגענס גלייך אויסגעשריהען און איז אוועק.

אליעזר בן יהודה, דער פּאַרפאַסער פון'ם ענציקלאָפּעדישען העברעאישען ווערטערבוך, דער ערשטער קנאי פאַר העברעאיש, דער פאָטער פון'ם איצטיגען „גדוד", האָט שוין לאַנג געזאגט: „היהדות תהיה ארצי ישראלית ועברית — או לא תהיה כלל"... דאָס אידענטום וועט זיין אַן ארץ־ישראל'דיגע, און אַ ה ע ב ר ע א י־ ש ע, אָדער זי וועט גאָר ניט זיין. איך האָב אַמאָל דאָס געלעזען

ערגעץ און זייענדיג אליין אין ארץ־ישראל האב איך ערשט אויס־געפונען ווי ריכטיג, ווי אמת זיינען זיינע ווערטער.

דער ערשטער קעמפער, דער „ראש הגדוד”, איז געווען בן יהודה. ער האט אמאל געזאגט, אז קיין זאך אין זיין לעבען טוט איהם ניט אזוי באנק און טוט איהם ניט אזוי וועה, ווי דאס וואס ער איז ניט געבוירען אין ארץ־ישראל און זיינע ערשטע ווער־טער אלס קינד זיינען ניט געווען קיין העברעאישע.

מיט זיין גייסט, מיט זיין קראפט ארבייט איצט בירושה דער „גדוד”. און ווען און וואו מיר פלעגען דורכגעהן און האבען בא־מערקט די אויפשריפטען „גדוד מגיני השפה” האבען מיר פון אונזער גאנצען הארצען געשיקט אונזער ברכה: לאנג לעבען זאל דער גדוד מיט זיין שטענדיגער מאטא:

— עברית, רק עברית!

# ירושלים.

פון תל־אָביב קיין ירושלים נעמט צוויי־מיט־א־האַלב שטונדען מיט אן אוטאָמאָביל, און עס קאָסט 30 פּיאסטער פון א פּערזאָן איין וועג.

אונזער גרופּע, באשטעהענד פון אונז מיט די טשאפּמאנס, האָבען גענומען א מאשין פאר אונז אליין, און אין א שעהנעם פריה־מאָרגען זיינען מיר ארויס געפאהרען דאָס ערשטע מאָל קיין ירושלים, אין יענער שטאָט וואס שוין דער נאָמען אליין ענטהאלט אין זיך אזוי פיל היילינען צויבער, אזוי פיל טראדיציע און אלוועלטליכען אינטערעס.

דורכפאָהרענדיג „קינג דזשאָרדזש" (פריהער אבדול־האמיד), די הויפּט־גאַס פון יפו, מיט איהר ברייטען בולוואר, מיט הויכע תמרים איבער דער גאנצער לענג, זיינען מיר ארויסגעקומען אויפ'ן וועג צו „מקוה ישראל", די באוואוסטע אגריקולטור־סקוהל פון דער „אליאנס איזראעליט".

מיר האָבען פאר א ווייל זיך אָפּגעשטעלט דאָרטען. דורך א לאנגער אלעע פון הויכע טאָפּאָלען זיינען מיר ארייננעפאָהרען מיט אונזער מאשין אין הויף פון סקוהל. מיר האָבען באקוקט אלע געביידעס פון דער סקוהל, פון די שטאלען פאר פערד און בהמות, די פארשיידענערליי מאשינען פאר פעלד־ארבייט. אין וועלדעל דערביי האָבען מיר אָנגעטראָפען א גרופּע בחורים, תלמידים פון

דער סקוהל, ביי דער אַרבייט. מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט, זיי געפרעגט אַ פּאָר פראַגען, אויף וועלכע זיי האָבען גערן געענטפערט. די שפּראַך איז, נאַטירליך, העברעאיש, וואָס האָט אַזוי זיס אָפּ־געקלונגען אין די געדיכטע טיפעניש פונ׳ם וועלדעל. דאָ האָבען מיר אויך געזעהן דעם מאָנומענט פון קאַרל נעטער, דעם ערשטען גרינדער און שאַפער פון מקוה־ישראל, די עלטסטע און איינע פון די שעהנסטע אינסטיטוציעס אין ארץ־ישראל, וועמעס נאָמען איז און וועט בלייבען אומשטערבליך אין דער ווידער־אויפלעבונג פון אונזער לאַנד.

אונזער מאַשין האָט זיך געטראָגען ווייטער צווישעןביידע זייטען גרינע פעלדער פון „מקוה ישראל״, און דאָס הארץ האָט געפלאַטערט פאַר פרייד און נחת צו זעהן אמת׳ען אידישען אייגענ־טום פון אידישען פאָלק אויף זיין לאַנד. —

באַלד האָבען מיר דערזעהן און זיך אָנגעהויבען דערנעהנטערען צו די בערג פון יהודה, יענע בערג וואָס זייגען אַרומגעוויקעלט אין אַזוי פיל הייליגע זכרונות, אין אַזוי פיל היסטאָרישע העלדענ־טאַטען פון אונזערע עלטער־זיידעס, די גבורים חשמונאים. אונזער אויטאָמאָביל האָט ווי דער אשמדאי אונז געטאַסקעט פון באַרג אין טאָל און פון טאָל אויף באַרג, לויפענדיג איבער׳ן גלאַטען פאַר־דרעהטען שאָסע־וועג און זשוזשענדיג ווי אַ שוואַרצער זשוק איבער אַ לאַנגער ווייסער שלאַנג.

מיר האָבען געזעהן די בערג, פאַרשיידענע אין געשטאַלט, פאַרב און שטאָף. בערג פון שטיין, גראַניט, מאַרמאָר, ליים, קאַלך און נאָך אַנדערע מינים. בערג בלויע, רויטע, שוואַרצע, געלע און נאָך אַנדערע פאַרבען. בערג ניט באַוועלדערטע, אָהן אַ סימן פון אַ בוימעלע, פּוסטע, נאַקעטע, עפּעס ווי פאַר׳יתומ׳טע, שטעהען זיי און וואַרטען, שטעהען און וואַרטען אויף דער גאולה, אויפ׳ן צוריקקעהר פונ׳ם אידישען פאָלק. נעהנטער צו ירושלים האָבען מיר שוין אָנגעהויבען באַגעגענען בערג באַוואַקסענע, מעהרסטענס באַפלאַנצט מיט זיתים (אָליווען בוימער). וואונדערבאַר, פּרעכטיג

שטעהען די בערג אָנגעקליידט מיט שורות און שורות אָליווען־בוימער, און ווי מיט גאַרטלען זיינען זיי באַצירט פון אויבען ביז ארונטער מיט שטיינערנע טעראַסען אויף צו פארהאַלטען דעם רעגען, סיי געמאַכטע, סיי פון דער נאַטור, ששת־ימי־בראשית'דיגע. אָט אַזעלכע בערג האָבען מיר געזעהן ארום „מוצא", אַ אידיש דערפעלע ניט ווייט פון צפון־ירושלים, אויך „קרית ענבים" וועלכע געפינט זיך אין גאַנצען אויף אַ בארג באַפלאַנצט מיט כרמים (וויינגערטנער).

וואָס נעהנטער צו ירושלים, אַלץ העכער זיינען געוואָרען די בערג, און באַלד האָבען אונזערע אויגען דערזעהן אין דער הויך . . . די געטליכע שטאָדט! די עיר אלהים!

מיט אַ געפיהל פון גרויס רעספעקט און כמעט מיט יראת־הרוממות זיינען מיר אריינגעפאָהרען אין שטאָדט. מיר זיינען פארבייגעפאָהרען דיסקינד'ס בית־יתומים און ארויף אויף רחוב יפו. מיר האָבען זיך פארדרעהט נעבען „תיאטרון ציון", אין אַ שמאָל געסעלע פון ניט באַזונדערער ריינקייט. נאָכהער זיינען מיר צו־געפאָהרען צו „האָטעל גאָלדסמיט" אויף רחוב בצלאל.

דער טאָג איז שוין געווען פאַראיבער. די גרויסע, הויכע צימערען פון האָטעל מיט די שטיינערנע פלאָרס זיינען געווען טונקעל באַלויכטען מיט קעראָסין־לאָמפען (קיין עלעקטריציטעט איז נאָך ניט אריינגעצויגען).

מיר האָבען באַשלאָסען יענעם אָוענט צו באַזוכען „תיאטרון ציון" אויף רחוב יפו, וואָס געפינט זיך ניט ווייט פון דעם האָטעל. עס פארשטעהט זיך, אַז אויף אונז אַמעריקאַנער האָט דער גאַנצער „טעאַטער", די געביידע, די אויסשטאַטונג, די הילצערנע ביינק און די גאַנצע פאָרשטעלונג — אַ סינעמאַ פון עפּעס אַ צווייט־קלאַסיגער מעלאָדראַמאַ — געמאַכט אַן אומאַנגענעמען איינדרוק. אויך דאָס פובליקום, וואָס איז באַשטאַנען פון אַראַבער און אידיש־שפאַניאָלישע בחורים און תימנ'ער דינסט־מיידלאך, וועלכע זיינען געזעסען אויף זייערע פלעצער און געקנאַקט סאַנישניק; און אפילו די

גלעזער טיי מיט לימענע, וואָס דער קעלנער האָט ארומגעטראָגען צווישען די אַקטען און אָנגעבאָטען צום פארקויף, האָט אונז, אמע־ריקאַנער מפונקים, גאָר ניט געשמעקט. איין זאַך האָט אונז אָבער צופרידענגעשטעלט. דאָס איז די העברעאישע שפּראַך אויפ'ן ליי־ווענט; די ערקלערונג פון יעדען בילד, וואָס ווערט געוויזען אויפ'ן לייוועגט, איז אין א ריינעם, גאָלדענעם העברעאיש, אז עס דער־קוויקט די נשמה. די גאנצע אָרימקייט, וואָס מיר האָבען דאָרטען געזעהן, איז געוועזן גאָרניט אנטקעגען דער רייכקייט פון דער העב־רעאישען שפּראַך. אַהער קומען אויך אָפט גניסון מיט זיין העב־רעאיש־דראמאַטישער טרופּע און גאַלינקין מיט דער העברעאישער אָפּערא. דאמאָלס איז שוין, נאַטירליך, דאָרט פאראַן אַן אַנדער פּובליקום מיט גאָר אַן אַנדער אַטמאָספערע.

אין דער פריה, נאָך פריהשטיק, האָבען מיר איידער וואָס־ווען זיך ארייננעכאַפּט אין לשכת קרן קימת, אין אָפיס פון נאַציאָנאַל־פאָנד, וואָס געפינט זיך אויך אויף רחוב יפו, אנטקעגען תאטרון ציון.

מיר האָבען דאָרט געזעהן די „ספרי הזהב". מיר האָבען גע־בלעטערט די גרויסע, שווער־באַגולדעטע בלעטער און געפונען דאָרט פילע באקאנטע נעמען פון פריינד און פון געזעלשאפטליכע גרופּען וואָס האָבען דאָס גליק און די זכיה צו זיין דאָרטען פאַרשריבען און דערמאָנט צו ווערען אויף אייביגע דורות אַלס די יעניגע וואָס האָבען געהאָלפען אויסלייזען דאָס אידישע לאַנד פון פרעמדע הענד.

מיר האָבען געזעהן אגראָנאָם עטינגער ביי זיין שרייב־טיש, וועלכער האָט אונז זעהר פיין צוגענומען. ער האָט אונז אָנגעציייגט אויף דער ארץ־ישראל מאַפּע די שטיקער ערד וואָס דער נאַציאָנאַל־פאָנד פאַרמאָגט און אויך אויף שטרעקעס לאַנד וואָס דארפען, וואָס מוזען באַלד געקויפט ווערען, עס זאָל נאָר זיין געלט... און עס ווערט אַזוי פאַרדריסיג פון די ווערטער: „עס זאָל נאָר זיין געלט"... האָט דען דאָס אידישע פאָלק קיין געלט ניט? פאַר־מאָגט דען ניט דאָס אידישע פאָלק קאפּיטאַל גענוג אויף אויסצו־קויפען גאַנץ ארץ־ישראל און צו מאַכען פון דעם א גן עדן?

# אין בצלאל מוזעאום.

פון דאָרטען זיינען מיר צוגעגאנגען צום בצלאל־מוזעאום. מיר האָבען דאָרטען געטראָפען דעם דירעקטאָר פון „בצלאל", פראָפעסאָר באָרים שאַץ, מיט זיין שעהנער, שוואַרצגרויער באָרד און מיט זיינע צוויי שמייכלענדע, סאַמעטענע אויגען. ער דערצעהלט אַז ער פאָהרט אין גיכען קיין אַמעריקא מיט אַ בצלאל־אויסשטעלונג. ער ווייזט אונז אָן אויף גרויסע קאַסטענס, וואָס שטעהען שוין פאַרפּאַקט, גרייט אָפּגעשיקט צו ווערען קיין אַמעריקא. ער האָפט, אַז אַמעריקאנער אידען וועלען וויסען ווי אָפּצושעצען די מיה און ארבייט פון „בצלאל" און געבען אַ מעגליכקייט דער ווייטערער אנטוויקלונג און ערפאָלג פון דיזער וויכטיגער קונסט־שולע און נאַציאָנאַלען מוזעאום. מיר האָבען איהם געוואונשען פון גאַנצען הארצען ערפאָלג אויף זיין רייזע קיין אַמעריקא און זיך אַוועקגעלאָזט אויסקוקען די צימערען פונ׳ם מוזעאום. ערשט ניט לאַנג האָבען מיר געהאַט געזעהן אַן אַנדער מוזעאום. דאָס איז געווען צוריק מיט איינינע וואָכען אויף אונזער וועג קיין ארץ־ישראל, אין פּאַריז, דעם „מוזעאום דע לואוור". אָבער, גאָט מיינער, וואָס פאַר אַן אונטערשייד! דאָרטען האָבען מיר געזעהן דאָס גרעסטע רייכטום אין דער וועלט, די שעהנסטע קונסט־בילדער, די טייערסטע אנטיק־זאַכען. אָבער ביי דעם אַלעמען האָבען מיר זיך דאָרט געפיהלט פרעמדע, צופעליגע צושויער, און אונזער הארץ האָט

גאָרניט געפּיהלט דערביי, איך מיין, אונזער אידיש הארץ. דאָ אָבער זיינען מיר געווען אין אונזער מוזעאום! אמת, אַ קליינער, אַן אָרימער, זעהר אַן אָרימער, אָבער דערפאַר אונזערער, אונזערער אַן אייגענער...

און באמת גערעדט: פון וואָס אַ שטייגער האָבען מיר געקענט מעהר באגייסטערט ווערען, — פון נאַפּאָלעאָן׳ס שווערד באזעצט מיט דימענטען, וואָס מיר האָבען געזעהן אין לואוור, אָדער פון דעם האמער, מיט וועלכען דר. הערצל האָט געעפענט דעם ערשטען באזעלער קאָנגרעס, וואָס מיר האָבען געזעהן דאָ, אין „בצלאל"־מוזאום? אָדער וואָס, אַ שטייגער, האָט געקענט מעהר וועקען אונזערע נשמה־געפיהלען, — די „דזשיאָקאָנדאַ„ פון לעאָנאַרדאָ דע ווינטשי אין מוזעאום דע לואוור, אָדער „קבלת שבת", ווי אַ פרומע אידישע טאָכטער בענשט ליכט, פון פּראָפעסאָר שאַץ, דאָ, אין בצלאל־מוזעאום? וואָס האָט אונז געקענט מעהר אינטערעסירען: נאַפּאָלעאָן׳ס קרוין מיט בריליאַנטען אין לואוור, צי דעם בעל שם טוב׳ס חנוכה־לעמפּעל אין אונזער אידישען מוזעאום?

יאָ, גרויס איז דער אונטערשייד צווישען די צוויי מוזעאומס. און ווייט זיינען איינער פון דעם אַנדערען, ווי אונזער גאַנצער לעבען איז ווייט פון זייער לעבען. אָבער דאָ, אין אונזער מוזעאום, האָבען מיר געזעהן שטיקער פון אונזער אייגענעם לעבען — סיי פון אונזער שטאָלצען אמאָל און סיי פון אונזער צובראָכענעם גלות־לעבען. מיר האָבען דאָ געזעהן פאַרשיידענע כלים פון בית־המקדש, קריגעלאַך מיט׳ן חותם־המלך, פלעשער און אויל־מנורות פון תקופת בית־שני. מיר האָבען געזעהן אַ „מלקה", וואָס מען פלעגט מיט איהר שלאָגען מלקות בימי הבית; שופרות, פויקען און טעצעלאַך אויך פון די ימי הבית.

אין איין צימער אין אַ ווינקעלע האָבען מיר געזעהן זאַכען, וואָס האָבען געמאַכט אויפשוידערען אונזער לייב מיט דער נשמה צוזאַמען. מיר האָבען געזעהן אַ פאַגראָם ספר תורה, געשענדעט און איינגעשמירט אין בלוט. מיר האָבען געזעהן אַן אוקראַינער

טשומערקע אויפגענעהט פון ספר־תורה־פּאַרמעט. מיר האָבען אויך געזעהן די ספר־תורה, וואָס ניקאָלאַי האָט, ווי באַוואוסט, זיך אמאָל אנטזאגט אָנצונעמען אַלס מתנה פון אַ אידישער קהלה ביי אַ קבלת־פּנים.

מיט אַ טיפען וועהטאָג אין הארצען האָבען מיר זיך אוועק־געקעהרט פון יענעם טרויעריגען ווינקעל, און מיר זיינען צוגע־גאַנגען צו אַן אַנדער ווינקעל, וואו מיר האָבען געזעהן די פאָהנען פון אונזער לעגיאָן, פונ'ם אידישען לעגיאָן, וואָס האָט געקעמפט און באַנעצט מיט זיין העלדיש בלוט די הייליגע ערד פון אונזער לאַנד — בלוט, וואָס רופט שוין ניט ארוים ביי אונז קיין טרויער און וועהטאָג, נאָר נייעם כח, פרייד און שטאָלץ.

נאָכדעם ווי מיר זיינען דורכגעגאַנגען און אויסגעקוקט אַלע פערצעהן צימערען פון ביידע פלאָרס פון דעם מוזעאום, האָבען מיר אויך באַזוכט די קונסט־שולע און געזעהן די תלמידים פון בצלאל ביי דער אַרבייט, און מיר זיינען אויך ארויף אין פאַרקויף־צימער, וואו מיר האָבען איינגעקויפט פילע ארטיקלען, מתנות פאַר די קינדער און פריינד.

עס איז שוין געווען שפּעט נאָכמיטאָג ווען מיר האָבען פאַר־לאָזט דעם מוזעאום. אָבער די שעהנע בצלאל־געביידע מיט איהר גרויסער מנורה אויפ'ן דאַך, וואָס זעהט זיך כמעט איבער גאַנץ ירושלים, האָט אונז ניט איין מאָל נאָכדעם ווי מיט אַ מאַגנעט געשלעפּט צו זיך, צו זעהן און באַקוקען נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל די אידישע אַנטיקען, די היסטאָרישע ווערטזאַכען פון דער אידישער נאַציאָן.

# אויפ'ן הר־הבית.

דער „הר הבית" איז דאָס זעלבע וואָס „הר המוריה", אויף וועלכען עס איז אמאָל אָפּגעשפּילט געוואָרען דער היסטאָרישער ספּעקטאַקל „די עקדה", די גרעסטע בייטש, וואָס מיר האָבען אַלע יאָהרען אַנטקעגען דעם רבונו של עולם כביכול... וואָרים טאָמער עפּעס, שטעלען מיר באַלד ארויס אונזער ברוסט כלפּי שמיא און דערמאָנען איהם: „את העקדה שעקד את יצחק בנו על הר המוריה".

דער זעלבער בארג האָט טאַקע, ווי די אגדה זאָגט, דערפאַר זוכה געוועזען עס זאָל שפּעטער געשטעלט ווערען אויף איהם דער בית־המקדש, דער בית אלוהים און דעריבער הייסט ער „הר־הבית". אויפ'ן אָרט פונ'ם בית־המקדש שטעהט יעצט דער מוסיל־מאנישער מאָסק־אף־אמאָר — „אמאר משה", מיט א גרויסער האלבער לבנה פון אויבען. אהין ארייננגעהן מוז מען האָבען א באַזונדערע ערלויבניש. אָבער דאָס האָט שוין באזאָרגט פאר אונז דער ליבענסווירדיגער פריינד אונזערער, ה' כספּי, פון דער פירמע „כספּי דיסקין און קאַפּלאַן", באוואוסטע סוחרים און פּאַרנו־מענע מענשען אין ירושלים, אלטע תושבים וואָס זייערע פּאָטערס און זיידעס נאָך ביז צוריק מיט הונדערט יאהר האָבען געוואוינט אין ארץ ישראל. און נאָך מעהר, ה' דיסקין זעלבסט האָט אוועק־געגעבען עטליכע שטונדען פון זיין צייט און איז מיט אונז מיט־געפאהרען צום „אמאָר משה". און א דאנק די ליבע גאסטפריינד־

שאפט וואס דיזע גוטע און ביז גאר אײדעלע מענשען, האבען אונז געגעבען, האבען מיר געהאט די מעגליכקײט דורכצושטו־דירען דעם הר־הבית, דעם מקום־המקדש און דאס גאנצע פלאץ ארום, װעלכעס עס איז אין די אויגען פון דער היסטאריע, פי־לײכט דאס װיכטיגסטע אין גאנץ ארץ ישראל.

אונזער אוטאמאביל האט זיך אפגעשטעלט אונטער דער חומה אין מזרח, אקעגען הר־הזיתים. מיר זײנען דורכגעגאנגען דעם גרויסען הויף דעם „חצר־הבית", װעלכער איז געברוקירט מיט פירעקיגע גלאטע שטײנער. נעבען ארײנגאנג אין מאשע זיצט אן אראבער מיט א הויפען מיט סאנדאלען פון פארשי־דענער גרויס און מאס. יעדער באזוכער מוז אנטאן א פאר סאנדאלען אויף זײנע שיך, אנדערש טאר ער ניט ארײנגעהן אינ׳ם מאשע.

מיר האבען אויך אנגעטאן סאנדאלען און געגעבען דעם אראבער עטליכע פיאסטער — באקשיש (א טיפ).

מיר האבען אויך באצאלט בײם ארײנגאנג צװעלף פיאס־טער פאר יעדער פערזאן.

איך נעם זיך ניט אונטער דא צו באשרײבען דאס רײכ־קײט װאס מיר האבען דארט געזעהן, די צװײ רײהען מארמאר־נע קאלאנען, פון פארשידענעם סטיל און עפאכען װי רוימישע און גריכישע װאס זײנען, קענטיג, געבראכט געװארען אהער גרײטע, פארבליבענע פון אמאליגע טעמפלען; די פענסטער מיט די רײכסטע גלאז און פאיאנס; די װענט מיט דער סטעליע פון גאלד און מיט די טײערסטע שטײנער; די אריענטאלישע טע־פיכער אין װערטה פון הונדערטער־טויזענטער דאלער, א. ד. ג., פון דעם אלעמען װאס מיר האבען געזעהן האבען מיר נא־טירליך זעהר װײניג נחת געשעפט...

אפילו דער קאראן, װאס שטעהט אין אן ארון אויף א בא־זונדער בימה און װאס ער װערט געעפענט אײן מאל א יאהר, און אינ׳ם קאראן ליגען באהאלטען דרײ האר פונ׳ם הײליגען

מחמד׳ס באָרד, אפילו דאָס האָט אונז אויך ווייניג וואס באגייס־טערט... אָפּגעשטעלט האָבען מיר זיך אין צענטער פון דער גע־ביידע, אונטער דער קופּאָלע פונ׳ם מאָשע, וואו ארומגעצאמט ארום און ארום ליגט דער „אבן־השתיה", א ריזיגער פעלז ארויס־געוואקסען פון דער ערד. אין מיטען הויך, ביי די זייטען נידע־ריגער און צושפּרייט זיך און ווערט פארלוירען הינטער די ווענט פון דער געביידע.

מיר זיינען געשטאַנען און געקוקט אויפ׳ן הייליגען שטיין, דעם „אבן־השתיה" פונ׳ם „בית־הבחירה". אויף איהם איז געוועזען דער מזבח. מיר האָבען געזעהן די לעכער אין וועלכע עס זיינען געוועזען אמאָל אריינגעשטעקט די „יתדות־המזבח", דאָס טייערסטע, דאָס הייליגסטע אָרט פון אונזער שטאָלצען אמאָל... דער צענ־טער פון דער גאנצער וועלט, ווי דער תלמוד זאָגט, מאכענדיג דעם פאלגענדען חשבון: „ארץ־ישראל איז דער טבור הארץ, דער מיטעל פּונקט פון דער וועלט, ירושלים די מיט פון ארץ־ישראל. דער הר־הבית אין מיטען פון ירושלים, דער בית־המקדש אין מיטען פון הר הבית און אין מיטען דעם בית־המקדש דער גרינדרונגס־שטיין, וואס פון איהם האָט זיך אנגעפאנגען די גרינ־דונג פון דער גאנצער וועלט"... אן אגדה ערגעץ אין תלמוד, און דאָס צייגט ווי חשוב, ווי טייער און ווי הייליג דאָס אָרט איז געוועזען אמאָל ביים אידישען פאָלק.

מיר זיינען ארונטערגענאנגען אין דער שטיינערנער הייל וואס אונטער׳ן „אבן שתיה", מיר האָבען געזעהן דעם לאָך דורך וועלכען עס פלעגט ארונטעררונען דאָס בלוט פון די קרבנות און דורך א קאנאַווע פליסען ביז צום נחל־קדרון. מיר האָבען גע־זעהען דאָרטען אונטען פלעצער אויסגעהאקטע פון דעם זעלבען שטיין, וואו עס פלעגען זיין די תפלה־מקומות פון דוד און שלמה.

מיר זיינען ארויס ווידער אויפ׳ן חצר הבית און האָבען בא־זוכט דעם צווייטען מאָשע אין דרום זייט פונ׳ם חצר, דעם „מאָ־שע־אל־אקאצא", אדער ווי אידען רופען איהם „מדרש שלמה".

פון דאָרטען זיינען מיר ארונטער אין די „ארווי'ת שלמה", שלמה'ס שטאַלען, וואו מיר האָבען געזעהן די פון שטיין אויסגעהאקטע קאָרעטעס, וואו שלמה'ס פערד האָבען געגעסען, און די לעכער און ריגגען אין די צענדליגע רייהען קאָלאָנען וואו די פערד פלעגען שטעהן צוגעבונדען... דיזע גרויסע און שעהנע געביידע ענדיגט זיך מיט די מערב־וואנט פונ'ם חצר. מיר האָבען פון דאָרטען געקענט ארונטערקוקען און זעהען אויך דעם כותל־מערבי...

ארויסגעהענדיג פונ'ם הויף און לאָזענדיג זיך צו אונזער אוטאָמאָביל, וואס האָט געווארט אויף אונז ביים מזרח טויער, האָט אונז אונזער פריינד דיסקין אָנגעוויזען אויפ'ן הר־הצופים וואס אקעגען אין מזרח, פון וואנען טיטוס האָט געווארפען פייער אויפ'ן מקום־המקדש... דער בארג איז געווען איינגעטונקען אין גאנצען אין גאָלד, וואס די זון האָט איהם באגאָסען און שמייכלענדיג צו אונז ווי באַשטעטיגט: יא, טיטוס מיט זיינע רוימישע חיילות האָבען שטעהענדיג אויף מיר אויפ'ן גרויזאמסטען אופן חרוב געמאכט און פארברענט דעם בית־המקדש, אָבער וואו זיינען זיי יעצט, די רומיים, מיט זייער גבורה? זעהט איהר די קרוין אויף מיין קאָפּ — די העברעאישע יוניווערסיטי? נאָר געדולד, קינדערלעך! מיר וועלען נאָך אמאָל אינ'ם הר־הבית מיט'ן „אבן שתיה" אויך דערלעבען נחת!...

פול מיט האָפנונג און מיט גלויבען אין דער גלענצענדער צוקונפט פון אונזער פאָלק אויף אונזער לאנד, האָבען מיר זיך אריינגעזעצט אין אוטאָמאָביל און אוועק צוריק אין האָטעל.

# אויף קבר־אָבות.

איין טאָג האָבען מיר אין ירושלים פארבראכט אויף קברי־אָבות. אין אַ באַזונדער קאַפּיטעל האָב איך באשריבען אונזער באַזוך ביי דער „מערת־המכפלה" און דעם קבר־רחל־אמנו. דאָ אָבער מיין איך די קברים וואס זיינען אין ירושלים. פאר דיזען צוועק האָבען מיר מיטגענומען א מורה־דרך (גאיד) אַ אידיש בחור'ל, געבוירען אין ירושלים, און איז מלא וגדיש מיט תנ"ך און תלמוד. עס איז געווען אַ פאַרגעניגען צו זעהן דעם יונגען בחור'ל זיך אוועקשטעלען ביי איינעם אדער צווייטען פּלאַץ פון די היסטאָרישע ערטער, ברענגענדיג פסוקים פון תנ"ך און שטיקער פון תלמוד און מדרש, ערקלערענדיג אונז די היסטאָרישע באדייטונג פון יעדען אָרט. דאכט זיך א יונג נישטיג בחור'ל, מיט אַן אָפּגעריבענעם גאַרניטורעל און אויסגעדרעהטע שיך, אָבער פול מיט תורה, היסטאָריע, אַרכעאָלאָגיע, טעאָלאָגיע און וואָס איהר ווילט אַליין. פּאָרט ארץ ישראל'ער לופט! עפּעס גאָר אַנדערש וואקסען זיי דאָרטען, די ארץ ישראל'ער קינדער!

דאָס ערשטע ביי וואס מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט איז געווען די נייע חומה וואס מען האָט ענדעקט. ביז יעצט הייסט עס, האָט מען נאָר געוואוסט פון דריי חומות ארום ירושלים, און דאָ האָט מען ענטדעקט אַ פערטע חומה. מען האָט אויך

דאָרטען צוויי ארונות געפונען. און דאָ האָט זיך אונזער בחור׳ל אריינגעלאָזט אין א חקירה אז די ענטדעקונג פון דיזער פערטער חומה איז א קלאָפּ פאר די וואס גלויבען אז ס׳איז יעזוס׳עס קבר וואס איז אין ירושלים, אויסער דער דריטער חומה, ווייל עס וועט אויסקומען יעצט אז יעזוסעס קבר איז צווישען דער דריטער און דער פערטער חומה, און דאָס הייסט ניט אויסערן שטאָדט, ווי עס איז געווען אמאָל דער מנהג צו באהאַלטען די מתים.

מיר האָבען זיך אװעקגעלאָזט ווייטער אויסער דער אַלטער שטאָדט קיין מזרח מיט דער לענג פון א הויכער חומה, די אונ־טערשטע שטיינער פון וועלכער זיינען נאָך פון גאר אמאָל בימי־הבית׳דיגע. דער מורה־דרך אונזערער האָט אונז אנגעוויזען אויף א גרויסער הייל, וואָס איז אויסגעהאַקט אין א פעלזען־שטיין וואָס אויף איהם שטעהט די חומה, ערקלערענדיג אונז אז דאָס איז „מערת־צדקיה”, די הייל פון צדקיהו. דיזע הייל איז זעהר טיף, ברייט און ווייט. זי ציהט זיך אונטער דער גאנצער שטאָדט ירושלים. עס איז פאַראן א לעגענדע, דערצעהלט אונז דאָס בחור׳ל, אז דיזע הייל ציהט זיך אזש ביז יריחו (ארום דרייסיג קילאָמעטער) און אז דורך דיזער הייל איז דער מלך צדקיהו אנט־לאָפען פאר די כשדים צו די סטעפּעס פון יריחו (ערבות־יריחו), ווי עס שטעהט געשריבען אין מלכים. ניט ווייט פון דאַנען, צו דער לינקער זייט, האָבען מיר געזעהן נאָך אזא הייל מיט׳ן נאָ־מען „מערת ירמיהו”. דאָס איז, נאָך דער מסורה, דער „חצר־המטרה”, און דאָרטען האָט דער וועלט מקונן ירמיהו געשריבען זיינע קינות באַוויינענדיג דעם טיפען אומגליק פונ׳ם אידישען פאָלק, דאָרט איז געשאפען און פארפאַסט געוואָרען די טראגע־דיע „מגלת־איכה”.

מיר זיינען איבערגעפאהרען א בריקעל איבער׳ן נחל־קדרון, און מיר זיינען פארבייגעפאַרען אויף דער לינקער זייט א געביי־דע געבויעט אין די טעג פון די קרייצציגער, וואו דאָרט, הייסט עס, ליגט די הייליגע מאמע מרים...

מיר האָבען זיך שפּעטער אפּגעשטעלט ביי די קברי־מלכי יהודה. דיזער פּלאַץ באַלאַנגט צו די פראַנצויזען. אַן אַראַבער, דער אויפזעהער פון דיזען פּלאַץ, האָט צוגענומען ביי אונז די שילינגס פאַר יעדער פּערזאָן ביים אַריינגאַנג און האָט אונז ברוגז'דיג דערלאַנגט די ליכט, מיט וועלכע מיר האָבען באַדאַרפט באַלייכטען די טיפע היילען פון די קברים. ברוגז איז געווען דער אַראַבער, האָט אונז אונזער בחור'ל געזאָגט, דערפאַר וואָס מיר האָבען געכאַפּט, פאַרבייגעהענדיג, אַ קוק אריין אין זיין שטיבעל און געזעהן זיינע צוויי ווייבער מיט אָפּגעדעקטע פּנים'ער...

אַ היבשע צייט האָבען מיר זיך פאַרזאַמט אין די פון שטיין־אויסגעהאַקטע פינסטערע לעכער. אויף פאַרדרעהטע און פאַר־קרימטע טרעפּ זיינען מיר געקראָכען אויף אַלע פיר מיט די אָנ־געצונדענע ליכטלעך אין די הענד פון איין חדר צום צווייטען, אין די ווענט פון וועלכע זיינען פאַראַן די אויסגעהאַקטע לאַנגע לעכער, די אַמאָליגע קברים פון מלכי בית־דוד. דיזער גאַנצער פּלאַץ מיט אַלע היילען אין איהם ווערט אנגערופען מיט'ן נאָמען „מערת כלבא־שבוע”, דער באַוואוסטער „כלבא־שבוע”, ר' עקיבא'ס שווער, וואס איז געווען דער רייכסטער מאַן אין ירושלים.

אויסגעמוטשעטע און קוים מיט גאַנצע ביינער, זיינען מיר ארויסגעקראָכען פון די אונטערערדישע שטיינערנע היילען און פאַרבייגעגאַנגען דעם אַראַבער'ס שטיבעל, אָבער די ווייבלעך זיינע האָט מען שוין מעהר ניט געזעהן.

ניט ווייט פון דאָרטען זיינען מיר צוגעפאָהרען צום קבר פון „שמעון הצדיק”. אַן איינפאַך שטיבעל אין מיטען אַ פאַר־מאַכטער, פאַרמויערטער קבר. אַ איד מיט אַ לאַנגער קאַפּאָטע און מיט כמעט דער זעלבער לענג באָרד און פאות זיצט אי־בער אַ ספר. דאָס איז געווען דער שמש פון'ם שטיבעל, פון וועלכען אונזערע פרויען האָבען זיך גיך געלאָזט איבעררריידען און פאַר עטליכע שילינג האָט ער פאַר זיי אָנגעצונדען ליכט־לעך און געמאַכט מי־שבירך'ס ביים קבר פון'ם צדיק. ארום

דיזען שטיבעל געפינט זיך א גרויסער פלאץ באפלאנצט מיט אליווען־בוימער. מיר האָבען זיך אפגעשטעלט אויף א ווײילע אונטער די קיהלע שאָטענס פון די געדיכטע זיתים. איך האָב זיך אויפגעשטעלט אויפ'ן אוטאָמאָביל און אָפגעריסען א צווייגעל מיט זיתים, וועלכעס מיר האָבען מיטגענומען פאר א הייליגען אָנדענק פון יענעם הייליגען אָרט.

מיר זיינען דאן צוגעפאהרען צו „יד אבשלום", וואס איז אין „עמק־יהושפט", א טאָל צווישען הר־הזיתים און הר־הבית.

מיר האָבען זיך גלייך גענומען צו אונזערע קאמערעס און האָבען ארונטערגענומען א בילד פונ'ם שעהנעם הויכען פון דער פיינסטער סקולפּטור מאָנומענט, וועלכער איז כמעט נאָך גאנץ, ניט געריהרט, נאָר די האנט פעהלט... די יד וואס איז געווען אמאָל ארויסגעשטעלט פונ'ם „יד־אבשלום", איז יעצט ניטאָ. אונזער בחור'ל דערצעהלט אונז אז נאפּאָלעאָן האָט די „יד" אראָפּגעשאָסען... פאר וואס? איז אויף א מעשה נישטאָ קיין קשיא. אזוי האָט זיך איהם פארוואָלט... און אפשר, ווייל באהערשענדיג די וועלט ביד חזקה און זייענדיג דער איינציגער אוחז־בידניק אויף דער וועלט האָט ער, נאפּאָלעאָן, ניט געקענט ליידען די אויסגעשטרעקטע האנד וואס אויף „יד־אבשלום", און דערפאר זי אראָפּגעשאָסען...

נעבען „יד אבשלום" האָבען מיר באזוכט „מצבת־זכריה", זכריה הנביא, וואס פאר זיינע נביאות און מוסר זאגען איז ער פארשטיינט און גע'הרג'עט געוואָרען אויפ'ן באפעהל פון מלך יואש בחצר בית ד'... און דאָ שטעלט זיך ווידער אוועק אונזער ליבער בחור'ל און דערצעהלט אונז א מדרש אז זכריה הנביא'ס בלוט האָט נאָך זיין טויט א לאנגע צייט געזאָטען פאר דער גרויסער רציחה קעגען איהם, און נבוזארדן האָט דערפאר זיך שטארק נוקם געווען אין די אידען און זיי אזוי לאנג גע'הרג'עט ביז דאָס בלוט האָט זיך געמוזט בארוהיגען און שטיל געבליבען...

די זון האָט זיך שוין לאנג געהאַט ארונטערגעלאָזט אונ־טער די בערג. דער „עמק־יהושפט" איז שוין געווען אינגאנצען באדעקט מיט דער טונקעלקייט פון אווענט. מיר האָבען פאַר־זיכטיג ארויסגעדראפּעט זיך דורך די שטייגעלעך און וועגעלעך וואָס צווישען די קברים און זיינען באלד צו צו אונזער אוטאָ־מאָביל, וועלכער האָט אונז צוריקגעבראכט אין אונזער האָ־טעל.

# אויף רחוב קינג־דזשאָרדזש.

פון אלע מאָל האָב איך געוואוסט, אז עס איז דאָ ביי אונז, ע"פי קבלה, צוויי ירושלים'ס, א ירושלים דלמטה און א ירושלים דלמעלה, א ירושלים וואס אויף דער ערד, א גשמית'דיגע און א ירושלים וואס אויפ'ן הימעל, א רוחנית'דיגע. יעצט, זייענדיג אליין אין ירושלים, האָב איך אויך געזעהען צוויי ירושלים'ס. אויך א ירושלים דלמטה און א ירושלים דלמעלה...

די ירושלים דלמטה איז פשוטה כמשמעה, די אלטע שטאָדט וואס געפינט זיך אונטען אין טאָל, מיט איהרע שמאָלע, פאר־דרעהטע געסלעך, מיט איהר „מאה־שערים" (א באוואוסטע נאכ־בארשאפט), מיט איהרע פרימיטיווע הייזער — ווי אויסגע־שניטענע היילען און פעלזיגע ווענט, מיט קלייטען — פינסטערע לעכער אין שטיינערנע ווענט, מיט איהרע חומות און שערים — מויערן און טויערן — פון פארשידענע צייטען און עפּאָכען, מיט איהרע שוהלען און להבדיל קלויסטערס, קירכען און מאָ־שעען, געבעטע הייזער פון אלערליי גלויבענס און נאציאנען. דאָס איז די ירושלים דלמטה — די אלטע שטאָדט

מיר האָבען אויך געזעהען א ירושלים דלמעלה, דאָס איז די נייע שטאָדט, די נייע ירושלים מיט איהרע פאָרשטעדטלעך, ווי „רוממה", „בית־הכרם", „תלפיות", א. ד. ג. מיט שעהנע, גליי־כע גאסען און שעהנע מאָדערנע און מיט קונסט־געבויעטע היי־זער.

אויף רחוב קינג דזשאָרדזש, די נייעסטע און שעהנסטע גאס אין ניי־ירושלים — ירושלים דלמעלה, פלעגען מיר ליב האָבען שפּאַצירען אין די אָווענדען, אונטער'ן העלען גלאַנץ פון דער ליכ־טיגער, פון ריינעם זילבער, ארץ־ישראל לבנה. איך פלעג הערען אז אין ארץ ישראל קען מען ביים ליכט פון דער לבנה לעזען א בוך. איך באַשטעטיג דאָס. יא, איך אַליין האָב דאָס געפּרואווט טאָן. איך האָב דאָרטען געלעזען א צייטונג ביים ליכט פון דער לבנה און געזעהן זעהר גוט יעדעס וואָרט, יעדען אות.

אויף רחוב קינג דזשאָרדזש פלעגען מיר באַגעגענען שפּאַצי־רענדיג גרופּען יונגע לייט, חלוצים און חלוצות פונ'ם דערביי־איגען צווייג פונ'ם „גדוד עבודה" (ארבייטער־רעגימענט). א גאַנצען טאָג ארבייטען דיזע געטרייע זיהן און טעכטער פון אונ־זער פאָלק אין דער „מחצבה" (שטיינהאַקינג), און אז עס קומט דער אָווענד גייען זיי ארויס פאַרלעך־ווייז, אדער גאַנצע גרופּען בחורים און בחורות אויף אַ שפּאַציר איבער יענער ברייטער, שעהנער פון ביידע זייטען מיט בוימער באַוואַקסענער גאַס. מען לאַכט, מען שטיפט, מען דיסקוטירט, אין העברעאיש, נאַטירליך, און ניט זעלטען הערט זיך א געזאַנג פון געמישטע קולות און קלאַנגען פון פארשידענע לידער און פאַרשידענע מעלאָדיען, וועלכע גיסען זיך אַלע צוזאַמען אין זיסע אקאָרדען און קלינגען אָפּ הויך אין דער ריינער, לויטערער ארץ ישראל לופט.

ביי טאָג האָבען מיר זיי געזעהן, דיזע יונגע איידעלע נשמות, האַקען שטיינער, בויענדיג א נייע ירושלים, און אין אבענד האָ־בען מיר געזעהן דעם נייעם דור וואָס ווערט געבויט אויף נייע, געזונטע יסודות. און אלע אבענד פלעגט זיין אונזער בעס־טער פארגעניגען צו שפּאַצירען איבער רחוב קעניג דזשאָרדזש און הערען די זיסע טענער פון „עמך־ישראל יבנה — עם־ישראל חי!" דיין פאָלק ישראל בויעט זיך — פאָלק ישראל לעבט!...

# אונזער רייזע צום ים־המלח און צום ירדן.

אונזער גרופּע וואס איז אימער באשטאַנען פון אונז און פון די טשאַפּמאַנס, אונזערע פריינד פון שיקאגא, איז דאָס מאָל פאַר־גרעסערט געווארען. מיט אונז זיינען איצט אויך מיטגעפאָהרען זלמן קאָטלער מיט זיין פרוי פון ירושלים, וועלכע מיר האָבען איינגעלאַדען מאַכען צוזאַמען מיט אונז די לוסט־רייזע צום ים־המלח, אויסצווזעהן די גאנצע געגנד ארום און אויך פארברענגען צוזאמען און אביסעל „פיקניקען" ביים ירדן.

איך וויל דאָ געבען עטליכע שטריכען וועגען די פּערזאָנען פון אונזער גרופּע, טיפּען וועלכע זיינען זעהר כאראקטעריסטיש און אינטערעסאנט. מיט די טשאַפּמאַנס האָבען מיר זיך דאָס ערשטע מאָל באגעגענט און באקאנט אויף דער שיף „מאורעטאַניא", אויף וועלכער מיר זיינען אפּגעפאָהרען פון ניו יאָרק'ער האַפען קיין שער־בורג, אויף אונזער רייזע קיין ארץ־ישראל. פונ'ם ערשטען טאָג פון אונזער באקאנטשאפט זיינען מיר גלייך אזוי באפריינדעט, אזוי נאָהענט און אינטים געווארען, אז איך געדענק ניט אזא גלייכען כמעט אין מיין גאנצער לעבענס־פארגאנגענהייט. באלד זיינען עפּעס די טירעלעך פון אונזערע הערצער ווי געעפענט געוואָרען איינע פאר די צווייטע, אונזערע נשמות האָבען זיך ווי דורך כשוף צוזאמענגעשמאָלצען און ס'איז געווארען צווישען אונז איין לעבען איין נשמה... קיין שפּאַן האָבען מיר ניט געטאָן איינע אָהן די

צווייטע אַלע פינף מאָנאַטען וואָס מיר האָבען פארבראכט אין ארץ־ישראל. אין די האָטעלען זיינען מיר אימער געשטאַנען צוזא־מען. מיר האָבען גענעסען צוזאמען, פארבראכט צוזאמען און ארומ־געפאהרען צוזאמען. נאָך באַלד פון אָנפאנג אָן האָבען מיר זיך גלייך אָנגעהויבען רופען ביי די ערשטע נעמען: זיי אונז — נאָר פנחס'ל און ברײנה'לע; און מיר זיי — נאָר הירשעלע און כאסקעלע... פארוואָס מיר זיינען אזוי באַלד באצויבערט געווארען איינע פון די צווייטע, וואָס זיינען געווען די אורזאכען דערצו, איז שווער צו זאגען. איך דערצעהל דאָס נאָר דע־פאקטא.

הערי טשאַפּמאַן, אָדער „הערשעלע", א ישיבה־בחור'ל פון דער היים, מיט איינגעבוירענע רעליגיעז־נאַציאָנאלע געפיהלען, מיט אן אמת וואָס מען רופט אידיש הארץ און חסידישע נשמה, האָט, נאָך 27 יאָהר פון א פרעמד צו איהם לעבען, פון, אפילו אין א פארבעסערטער אמעריקאנער אויסגאבע, אבער דאָך א גלות־לעבען, א לעבען פון שטענדיגער יאָגעניש נאָך געלט־מאכען, נאָך דאָלארדיגער געצענדינעריי וואָס עס רופט זיך „ארויפארבייטען זיך", זיך ארויסגעריסען פון יענעם גהינום, פון יענעם אפגרונט פון תאוה און קנאה און אוועק צום לאַנד וואוהין זיין הארץ גלוסט און בענקט פון לאנגע אייביגע יאָהרען. זיינע אויגען דערזעהען דאָס הייליגע לאַנד, ער אָטעמט איין די ריינע זויבערע לופט, דעם אוירא דארץ־ישראל און זיין נשמה ווערט ניי געבוירען. ווי א קינד ווערט ער אנטציקט פון יעדער קלייניגקייט וואָס ער הערט און זעהט און אויך ווי א קינד ווערט ער דאַן ליב און סימפּאַטיש מיט זיין אומשולדיגקייט און נאַאיוויטעט... ער פאַנטאַזירט שוין וועגען אינגאַנצען אוועקווארפען דעם ביז יעצטיגען עולם־התוהו'דיגען, אמעריקאַנער לעבען מיט די לופט־ביזנעס, מיט די באַראָמעטערדיגע בירזשע־פּרייזען, וואָס הויבען און ווארפען דיך פילע מאָל אין טאָג, ערשיטערענדיג די נערוועז און צוברעכענדיג דאָס געזונט. ער וועט זיך באַזעצען אין ארץ־ישראל, ער וועט קויפען א „פרדס" (אָראַנדזש גאָרטען). ער ווייזט מיט חשבון, אַז א פרדס טראָגט אריין אזא

גוטען פּראָפיט ווי די בעסטע ביזנעס אין אַמעריקאַ. ער וועט אַריבערנעמען אפילו די אויסגעגעבענע קינדער אויך און מען וועט זיך אײינאָרדנען אויפ'ן פּרדס און לעבען אַ רוהיג לעבען, טאַקע ממש תחת גפנו ותחת תאנתו... און „אייבילע״ און „אַדעלקעלע״ וועלען לערנען אין תל־אָביב'ער גימנסיה, וועלען רעדען נאָר העברעאיש און וועלען ערצויגען ווערען און אויסוואַקסען אידען, אמת'ע אידען...

און הערשעלע רוהט ניט, ער לויפט אַרום פון פריה ביז נאַכט פון איין קאָלאָניע צו דער צווייטער. ער קומט מיט אַ בשורה: ער האָט געקויפט אין רחובות 200 דונאַם לאַנד, און צו זיין גליק און פרייד איז קיין גרעניץ ניטאָ...

— איך בעט אייך, איך וויל אייך עפּעס פרעגען, — זעצט ער זיך איין מאָל צו צו מיר, — אָבער איהר זאָלט מיר זאָגען דעם אמת... פאַר וואָס איז אַלעס וואָס איך זעה אין ארץ־ישראל מיר אַזוי געפעלען? דאָס לאַנד, דאָס לעבען, דאָס אויפפיהרונג פון די מענשען, אַלעס זעהט מיר אויס אין מיינע אויגען אַזוי גוט, אַזוי שעהן. איך האָב נאָך, דאַכט מיר, קיין שלעכטען מענשען דאָ ניט באַגעגענט. עפּעס יעדער, מיט וועמען איך באַגעגען זיך, איז עפּעס אַזוי פריינדליך, צוגעלאָזט, האַרצעדיג און פול מיט נשמה... גאָר־ניט יענע מענשען, ווי איך בין געוואוינט צו זעהן אויף שריט און טריט אין אַמעריקאַ... זאָגט מיר דעם אמת, שעמט זיך ניט פאַר מיר, צי בין איך צו אַ פאַנטאַזיאָר, צו באַגייסטערט, צו משוגע פאַר ארץ־ישראל, וואָס איך זעה נאָר די גוטע זייט און די שלעכטע איז פאַרשטעלט פאַר מיינע אויגען... דוכט מיר, אַלס געשעפטסמאַן בין איך געגוג פּראַקטיש און האָב ליב צוגלידערען און אַנאַליזירען יעדע זאַך פון אַלע זייטען. נאָר דאָ בין איך עפּעס נאָר איינזייטיג, אַלעס שיינט, אַלעס בלישטשעט אין מיינע אויגען... קענט איהר מיר עפּעס דערויף ענטפערען? האַ?

איך פּרובירט איהם ענטפערען, אריינלאָזענדיג זיך אין פילאָ־זאָפיע פון אָביעקטיוויזם און סוביעקטיוויזם, אַז דאָס איז ער אַליין,

זיין אייגענער סוביעקט, שפּיגעלט זיך אָפּ אין׳ם ארץ־ישראל׳דיגען לעבען, א. ז. וו.

הערשעלע טוט א שמייכעל און א גלאַנץ מיט די אויגען און זאָגט: אפשר!...

וועגען מיסעס טשאַפּמאַן אָדער „האַסקעלע" איז איבעריג צו שרייבען פיל. עס איז גענוג צו פאַרצייכענען, אז מיר פלעגען זי רופען „קאַפּיטאַן"... דעם דאָזיגען טיטעל האָבען איהרע קינדער געגעבען אין א בריף צו איהר פון שיקאַגאָ, ווערטלענדיג זיך אויף זייער באַליבטער מוטער׳ס חשבון, אז געוויס איז זי, די מוטער זייערע, מיט איהר עקשנותדיגען שטאַרקען ווילען און חשק פון אימער צו זיין די פיהרערין און טאָן־געבערין, געווען דער קאַפּי־טאַן אויף דער „מאַוריטאַניאַ"... געוויס האָט זי געפיהרט דעם גרויסען דאַמף־שיף איבער׳ן אָקעאַן און זיך ניט געוואָלט פאַרלאָזען אויף קיינעם... האַסקעלע, אָדער אונזער „קאַפּיטאַן", כאָטש שוין טיף אין די פערציגער און האָבענדיג שוין אויסגעגעבענע קינדער, אָבער מיט איהר שעהנער שלאַנקער פיגור און מיט איהר אימער מונטער, אימער שמייכלענדעס, סימפּאַטיש געזיכט, צוגעפּיקסט אויפ׳ן אמעריקאַנעם שטייגער, זעהט זי אויס זעהר יונג... איהר ליבע צו איהר „הערשעלען" איז אָהן א גרעניץ. ער איז איהר איינ־ציגער פריינד, איהר געליבטער מאַן, אָבער נאָך מעהר — איהר קינד... ווי א מוטער אויף א קינד גיט זי אכטונג אויף איהם, איהר גוטען הערשעלען, ער זאָל ניט טאָן קיין פעהלערען, ער זאָל זיך חלילה, אליין געהענדיג, ניט אויסגליטשען און זאָל שטענדיג זיך בעסער צוהערען וואָס זי זאָגט צו איהם, וועט איהם אימער זיין גוט...

— קיין ארץ־ישראל, דענקט איהר, וואָלט ער געווען געפאָהרען, ווען ניט איך? איך האָב א קוק געטאָן: וואָס וועט זיין דער תכלית, נאָך אַמאָל „ביזנעס" און ווידער אמאָל „ביזנעס", די נערוועון זיינען שוין אזוי ערשיטערט, אז ער קען מיר נאָך חלילה קראַנק ווערען... האָב איך אויפגעהויבען א גוואַלד: ארץ־ישראל! נו,

עס פארשטעהט זיך, איך האָב אויסגעפיהרט מיינס, מיר זיינען געפאָהרען, און אַ דאַנק גאָט. אנו, פרעגט איהם, צי האָט ער חרטה, וואָס ער האָט געפאָלגט זיין חאסקען?... חאסקע האָט, אַ דאַנק גאָט, אַ קאָפּ אויף זיך!...

און חאסקע איז טאקע אויך אימער געווען די פיהרערין פון אונזער גרופּע טוריסטען. זי מאַכט דעם פּראָגראַם פון יעדען טאָג, ווען און וואוהין צו פאָהרען. מיר פאָלגען און עס געהט אַלעס גלאַט, טאקע ווי אויף פּוטער...

מיט די קאָטלערס זיינען מיר געווען באפריינדעט נאָך פון ניו יאָרק. זלמן קאָטלער איז באוואוסט כמעט צו יעדען אידישען לעזער. ער איז יאָהרען לאַנג געווען אַ מיטארבייטער אין „טאגע־בלאַט" און נאכהער אין „טאָג". ער איז זעהר אויסערגעוועהנליך הויך אין וואוקס, רופט מען איהם דערפאר „דער גרויסער שרייבער". אָפטמאָל באַגעגענען מיר פעלע, וואָס מיר רעספּעקטירען אַ שריפט־שטעלער, מיר פארגעטערען איהם ממש כל זמן מיר קענען איהם ניט פערזענליך, אָבער אַזוי לאַנג ווי מיר באַקענען זיך מיט איהם, מיר דערזעהען איהם אין דער נאָהענט — ווערען מיר אנטוישט... מיר פארלירען אינגאַנצען אונזער רעספּעקט צו אַזעלכען... מיט זלמן קאָטלער איז פּונקט דער היפוך. אין איהם איז פאראַן פּערזענ־ליכקייט פיל מעהר ווי שרייבער... באַקענסטו זיך מיט איהם נאָהענט, הויבסטו איהם ערשט דאַן אָן צו רעספּעקטירען. וואָס נעהענטער דו קענסט איהם, מעהרער געפינסטו אין איהם אינטערעס. טעג און נעכט קענסטו פארברענגען מיט איהם און הערען פון איהם מעשה׳לאך, אנעקדאָטען און וויצען און אין דער זעלבער צייט אויך לערנען פון איהם פּילעס, און זיך דערוויסען אַזעלכע זאַכען און באַהאַלטענע ווינקעלאַך פון׳ם אידיש־געזעלשאַפטליך, נאציאָנאַל־פּאָליטישען לעבען, וועלכע זיינען געווען פאר דיר פרעמד ביז דאַן. און ווי הויך, ווי מענעריש ער קוקט אויס, איז ער דאָך בעצם, אין כאראַקטער, אַזוי מילד, אַזוי ווייך ווי אַ קינד... העכסט אינטע־רעסאַנט ווערט ער ווען ער רעדט פון ארץ־ישראל... דאַמאָלסט

רעדט שוין אין איהם אַלעס... זיין גרויסער קאָפּ מיט די שעהנע, לאַנגע בלאָנד־גרויע האָר, די אויגען וואָס ווערען עפּעס מיט אַמאָל משונת'דיג גרויס און פאַר התלהבות פילען זיי זיך אָן און לאָזען שיעור ניט אַ טרער... צוויי שורות ווייסע ציין וואָס דערזעהען זיך פונ'ם ברייט געעפענטען לאַכענדען מויל... כל עצמותיו תאמרנה... אַלע ביינער רעדען אין איהם. זיין ענטוזיאַזם איז אָהן אַ שיעור גרויס און קינדיש... איהר זעהט פאַר זיך דאָן אַ קינד אַ ריז...

זיין פרוי רחל'ע, אָדער ווי זי רופט זיך „רחל מאַלין־קאַטלער", ניט פאַרגעסענדיג איהר מיידעלשען נאָמען, פאַרמאָגט, אויסער איהרע אַלע אַנדערע מעלות, ווי נאַטירליכער פרויען־חן, טיף־קלוגע אויגען און אַ שעהנע זיסע שטימע צום זינגען — נאָך אַן אייגענ־שאַפט, איך וויל דאָס אָנרופען אַ „שוועסטערליכע"... עפּעס דער־פיהלסטו באַלד, אַז זי איז דיר ניט קיין פרעמדע, זי איז דיינע אַן אייגענע, אַ שוועסטער... אין איהר אַנוועזענהייט פיהלסטו זיך אַזוי אַנגענעם באַקוועם און היימיש ווי נאָר מיט אַ ליבער, גוטער שוועסטער. ניט אומזיסט האָט זי אַוועקגעגעבען פיל יאָהרען, מיה און אַרבייט צו דער „הדסה". איהר גוט האַרץ איז ווי געבוירען דערצו...

איהר זלמנ'קע, גלייך ווי זייער דריי־יעהריגער יצחק'על (לעז יצחק מיט אַ פּתח), זיינען ביי איהר ווי צוויי בן־יחידים'לאַך. ביידע גלייך געצערטעלט און געפּעסטשעט, איינער איז ביי איהר דאָס גרויסע קינד און דער צווייטער — דאָס קליינע קינד. און ניט נאָר זיי, איהרע „קינדער", נאָר איהר און איך און ווער עס געפינט זיך אין איהר הויז אונטער איהר אויפזיכט, פיהלען זיך ווי קליינע קינדער אונטער דער צערטליכקייט פון אַ ליבער און געטרייער שוועסטער...

די קאַטלער־הויז מעג באמת אָנגערופען ווערען, ווי אין תלמוד, מיט'ן נאָמען כלבא שבוע... ווייל ווער עס קומט אריין צו זיי אין הויז ווי הונגעריג, ווי פאַרטריקענט, פאַרשמאַכט, ווערט ער באַלד זאַט און צופרידען, סיי קערפּערליך, סיי גייסטיג... עס איז

גענוג צו הערען ווי זי, רחל'ע, מיט איהרע צוויי „קינדערלאך" זינגען אין א טריטצעט א אידיש פאָלקס־לידעלע, און איהר ווערט באלד פארכאפּט, אייער נשמה צאַפּעלט זיך שוין אין אייך און עס ווערט אייך אזוי פרעהליך, אזוי יום־טוב'דיג אויפ'ן הארצען...

אָט מיט דיזע פריינד אונזערע, די טשאַפּמאַנס און די קאָטלערס האָבען מיר געמאכט א רייזע צום ים המלח און צום ירדן, וואָס האָט געדויערט א גאנץ קיילעכדיגען טאָג, פון זון־אויפגאַנג ביז שפּעט נאָך זון־אונטערגאנג.

דאָס איז געווען אין א חשון־טאָג, דאַמאָלסט ווען די זון אפילו אין ארץ־ישראל איז שוין מילדער און באקט שוין ניט אזוי ווי אין די זומער מאָנאטען. א ווינטעלע בלאָזט אימער צווישען די בערג און דער וועטער איז זעהר גינסטיג פאר טוריסטען צו ארומ־רייזען דאָס לאנד.

ארום 6 אוהר אין דער פריה האָבען מיר דערהערט א קלאַפּ אין טיר פון אונזער צימער אין האָטעל „גאָלדסמיט" און באלד האָט זיך געהערט קאָטלער'ס שטימע (די קאָטלער'ס וואוינונג איז ניט ווייט פון יענעם האָטעל):

— גזלנים, וואָס שלאָפט איהר? איהר וועט פארשפּעטיגען דעם זון־אויפגאַנג! גיכערט, שטעהט אויף, כאַפּט עפּעס ארויף אויף זיך און לויפט ארויס אויף דער ווערענדע... איהר האָט נאָך אזעלכעס ניט געזעהן!...

באלד זיינען מיר אלע ארויס צוזאמען מיט די טשאַפּמאַנס, וועלכע האָבען פון זייער צימער אויך דערהערט קאָטלער'ס שטימע און מיר האָבען געזעהן: דער הימעל איבער'ן גאַנצען מזרח־האָריזאָנט איז געווען באדעקט מיט העל־גרויע באגאָלדעטע וואָל־קענדלאך ווי לוסקעס פון א גיגאנטישען פיש, מיט א גרויסען קאָפּ און א לאנגען עק, און אונטער דעם גאָלדענעם פיש האָט זיך ווי אונטער א דינעם, דורכזיכטיגען שלייער געזוקט פון די בערג ארויס די זון און געשאָטען מיט גאָלד איבער דער גאַנצער לענג פון'ם מאָנסטער פיש... וואונדערבאר שעהן! ניט צום באשרייבען.

— איהר ווייסט, — זאָגט צו אונז קאָטלער, — דאָס איז דער לויתן.. ביי אייך אין גלות זעהט מען איהם ניט... דאָ ביי אונז, אין ארץ־ישראל, וועלען די אידען זיין אין גן־עדן, און אָט דאָס איז דער סימבאָל פונ'ם לויתן, וואָס איז אָנגעגרייט פאר'ן אידישען פאָלק, וואָס וועט געניסען אויף זיין לאנד...

זעהר צופרידענע מיט קאָטלער'ס פאנטאזיע זיינען מיר אריין אין האָטעל און זיך צוגעגרייט צו דער רייזע.

אין דרויסען איז שוין געשטאנען גרייט און געווארט אויף אונז א זעקס־פאסאזשיר אויטאָמאָביל, וועלכען מיר האָבען באַשטעלט נאָך פון נעכטען ביי דער „חברת עקספרעס קדימה“ אויף א גאנצען טאָג פאר 4 לי"מ (ליטרא מצרית — עגיפטישער פונט). צידה לדרך האָבען מיר מיטגענומען גענוג, און אפילו א ביסעלע גוטען קאָניאַק, אָדער ווי זיי רופען עס „דריי־און־צוואנציגער“, אמת'ע תוצרת הארץ, האָבען מיר אויך ניט פארגעסען אריינצולייגען.

דער שאָפער איז געווען דער זעלביגער, מיט וועלכען מיר פלעגען אימער ארומפאָהרען, זעהר א פרעהליכער און אינטעליגענטער יונגערמאן. עס איז געווען זעהר אנגענעם מיט איהם צו פאָהרען, און אגב איז ער אויך געווען אונזער „גייד“ — דער מורה־דרך. ער האָט אונז אָנגעציינגט אויף יעדען פונקט וואָס מיר פלעגען דורכפאָהרען און האָט אונז געגעבען גענויע ערקלעהרונגען, וויסענשאפטליכע און היסטאָרישע, אויף יעדער זאך. מיר האָבען זיך ארויסגעלאָזט פון דער שטאָדט, דורכפאָהרענדיג דעם נחל־קדרון און זיך באלד ארויפגעהויבען אויפ'ן הר־הזיתים. פון דאָרט האָבען מיר געזעהן אלט־ירושלים מיט איהרע טורעמס, מאָשעען, די מויערען און טויערען, אויך די בערג וואָס ארום איהר. באלד זיינען מיר אריין אין א לאבירינט פון בערג און טאָלען, גרויע און נאקעטע, הויכ ריזיגע פעלזען, צווישען וועלכע, ווי דער מורה־דרך זאָגט אונז, געפינט זיך דער אָרט, וואו מען פלעגט ארונטערקייקלען דאָס ציגעלע, דעם שעיר לעזאזל.

מיר זיינען דורכגעפאָהרען „נעבי מוסא", דעם קבר פון משה רבנו, ווי די מוסולמאַנער גלויבען עס. דאָס איז אַ גרויסע, קוואדראַטנע, ווייסע געביידע, אויבען מיט רונדע קופּאָלען. אַ גאַנץ יאָהר שטעהט זי פאַרשלאָסען, נאָר יעדען פּסח קומען אַהין מוסול־מאַנער אין די מאַסען און פּראַווען דאָרטען פאַרשידענע פייערליכע צערעמאָניעס. פון דאָרט האָבען מיר זיך אָנגעהויבען ארונטערלאָזען אַלע מאָל נידעריגער און נידעריגער, ביז מיר זיינען אריין אין דער שפלה (נידערלאַנד) פון ים המלח. מיר זיינען נאָך געווען אַ 7—6 קילאָמעטער ווייט, אָבער דורך דער זעהר לויטערער לופט פון ארץ־ישראל האָבען מיר שוין דערזעהן אין דרום־מזרח דעם בלויען גלאַנץ פונ'ם ים המלח. די שפלה איז דאָס נידעריגסטע פּלאַץ אויפ'ן גאַנצען ערד־קוגעל (ארום 400 מעטער נידעריגער פונ'ם ים). דורכ־אויס ווילד, וויסט, אָהן בוימער, אפילו דערנער וואַקסען דאָרטען זעהר ווייניג. דאָס איז איבער דער שטאַרקער זאַלץ וואָס דער ים המלח וואַפּירירט פון זיך און טויטעט אַלעס וואָס קאָן שפּראָצען און וואַקסען. אין ים אַליין געפינט זיך אויך ניט קיין לעבעדיגע זאַך. אַפילו די פיש, וואָס דער ירדן, אריינפאַלענדיג אין ים, פאַר־שלעפּט אמאָל מיט זיך אַהין, ווערען באַלד געטויטעט, און איבער דעם רופט מען איהם אויך דער „ים המות"—דער „טויטען־ים". די וואַסער איז פונ'ם פיל זאַלץ אַזוי שווער, אַז אַן איי שווימט אויף איהר. קיין מענש קאָן דאָרטען ניט אראָפּזינקען. מיר קומען צו צום ברעג פונ'ם ים. אַ בעדואינערקע טראָגט אונז צו פיער־עקיגע שטיקלאַך זאַלץ פונ'ם ים. מיר נעמען זיי צו און גיבען איהר עטליכע פּיאַסטער. דאָרטען האָבען מיר אויך געזעהן אַ יונגענמאַן אַ כעמיסט, אַן אָנגעשטעלטער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס פאָרשט אויס און שטודירט דעם ים המלח מיט די זאַלצען און מינעראַלען וואָס ער אַנטהאַלט. ער האָט שוין זעהר פיל מאַטעריאַל פאַר'ן ציוניסטישען אינדוסטריאַל דעפּאַרטמענט, — דערצעהלט ער אונז. — עס וועט קומען אַ צייט, און יענע צייט איז גאָר נאָהענט, האָפט ער, ווען דיזער ים המלח, דיזער טויטער

ים, וועט לעבעדיג און רייך מאַכען מיט זיינע אומערשעפליכע אוצרות דאָס גאַנצע אידישע לאַנד... מיר האָבען א לעק געטאָן דאָס וואַסער, זעהר לייכט, טאַקע נאָר מיט'ן שפּיץ צונג. אונזערע געזיכטער האָבען זיך משונה'דיג פאַרקרימט, קוקענדיג אויפ'ן יונגען־מאַן דעם כעמיסט און צושאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ אַלס א צייכען, אַז מיר זיינען פאָלקאָם איינשטימיג מיט זיין אָפּטימיסטישער מיינונג וועגען דער צוקונפט פונ' ים המלח. איך האָב זיך דערמאָנט אינ'ם העברעאישען פאָלקס־לידעלע: „אם יעזור לנו אלהינו", — ווען אונזער גאָט וועט אונז העלפען, און באַלד האָבען זלמן מיט רחל'ען און די גאַנצע קאָמפּאַני אונטערגעכאַפּט און אין א כאָהר געזאַנג פאַרענדיגט: הלואי, הלואי, הלואי ויהי כן!... אונזערע שטימען האָבען זיך ברייט צוגאָסען איבער דער גאַנצער וויסטער שפּלה און האָבען ווייט אָפּגעקלונגען אין די בערג אַרום און געקומען צוריק מיט א ווידער־קול: „הלואי ויהי כן!"... אפילו די הרי־מואָב פונ'ם עבר הירדן, וואָס בלויעלען זיך אין מזרח זייט פון ים המלח, האָבען זיך אויך אויף א מינוט אויפגעכאַפּט פון זייער אייביגען דרימעל און געענטפערט מיט אַן עכאָ: „הלואי, הלואי ויהי כן!"...

עס איז שוין געווען אַרום איינס אוהר ווען מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט ביים ירדן. אונזער שאָפער, א געבוירענער אין ארץ־ישראל, אָדער ווי זיי רופען זיך, די דאָרטיג־געבוירענע מיט ניט ווייניג שטאָלץ: „ילידי־הארץ" (מיט די ספרדישע פּתח'ן אונטער דער ה' און א'), וואָס איז זעהר געניט אין אַלע וועגעלאַך און שטעגעלאַך פון לאַנד, האָט אויסגעקליבען זעהר א באַקוועמען פּלאַץ פאַר אונז ביים ברעג פונ'ם ירדן, וואו מיר האָבען זיך בהרחבה'דיג צוזעצט און זיך גענומען עוסק זיין זעהר ערנסט אין דער קונסט פון אכילה ושתיה...

אויף יענעם פּלאַץ שטעהט א בודקע, וואָס איינער, דאַכט זיך א גריך, האַלט דאָרט און פאַרקויפט פרוכט און פאַרשידענע געבעקס צו טוריסטען וואָס שטעלען זיך דאָרט אָפּ. מיר האָבען פאַר אונז באַשטעלט נאָר טעה, ווייל אַלעס האָבען מיר געבראַכט מיט זיך

גענוג פון עסען און פארבייסען. אפילו די קאץ, וואָס האַלט זיך אויף ביים גריך אין בודקע, וואָס האָט אויסגעקוקט עפּעס ווי האַלב קעצעל און האַלב הינטעל, אפשר דורכ׳ן הר־גדיא פּאַרמישט און דאַרווינעזירט, האָט אויך לעבען אונז אָפּגעלעגט אַ שעהן ביינדעל... מהיכי־תיתא, זאָל זי אויך הנאה האָבען... פּאַרט ניט קיין גלות־קאַץ! עפּעס דאָך אַ „ילידת־הארץ״!...

נאָכדעם אַז מיר האָבען זעהר שעהן אָפּגע׳וּאָכלת׳עט און אָפּ־גע׳ושבעת׳עט מיט טעה און מיט קאָניאַק כדבעי, האָבען מיר דעם „וברכת״ מיטגענומען מיט זיך און אָפּגעשפּאַנט עטליכע מעטער ווייטער מיט׳ן ברעג. מיר האָבען זיך אויסגעזעצט ביים סאַמע זוים פונ׳ם ירדן אונטער׳ן שאָטען פון בוימער און מיט אַ צופרידענער שטימונג זיך גענומען צום „וברכת״. מיר האָבען באמת פון טיפען הארצען געבענשט און געדאַנקט גאָט, וואָס מיר האָבען זוכה געווען צו אַזאַ זאַך, צו זיצען על גדות הירדן, צו זעהן מיט אונזערע אייגענע אויגען דעם נאַציאָנאַלען אידישען טייך, וואָס פון קינדהייט־אָן איז ער מיט אומצעהליגע זכרונות און לעגענדען אָנגעבונדען און אָנ־געקניפּט אין אונזערע נשמות... ווי מיר דאַכט, איז ניטאָ קיין שום נאָמען פון וועלכען ניט איז אָרט און פּלאַץ אין דער געאָגראַפיע, וואָס זאָל אַזוי שאַרף, אַזוי בולט, ווי דער נאָמען פון אַ טייך, אויס־דריקען דאָס געשטאַלט, דעם כאַראַקטער, די נשמה פונ׳ם פאָלק צו וועלכען עס באַלאַנגט... דער טייך מיט זיינע צווייגען זיינען ווי אָדערען, וואָס אין זיי פליסט דאָס בלוט פונ׳ם פאָלקס אָרגאַניזם, „והדם הוא הנפש״ — און דאָס בלוט איז די נשמה... דערמאָנסטו זיך אָן „דניעפּר״, אַזוי זעהסטו באַלד פאַר זיך דעם „זאַפּאָראָזשעץ״, דעם אוקראַינעץ... און עס טראָגט דיך איבער אין אַ וועלט פון שוואַרצע, ביטערע זכרונות... אַזוי די „וואָלגאַ״, די „סענא״ און אַלע אַנדערע טייכען פון די גלות לענדער. פרעמדע טייכען מיט אידיש בלוט... און וואָס מעהר בלוט אונזערס האָט אריינגעפלאָסען אין יענע טייכען, אַלץ פרעמדער זיינען זיי געוואָרען פאַר אונז...
יעצט זיצען מיר ביים ירדן, ביי אונזער ירדן... דער נאָמען אַליין

שוין סימבאָליזירט דאָס אידישע פאָלק, זיין היסטאָרישע פאַרגאַנ־גענהייט, און איבער דעם איז ער אונז אַזוי ליב, אַזוי טייער, אַזוי נאָהענט צום האַרצען...

— איהר ווייסט, — רופט זיך אָן צו אונז קאָטלער, און אין זיינע אויגען מערקט זיך אַ פייערל, — אָט אַ דאָ וואו מיר זיצען איז אומגעפער דאָס אָרט וואו יהושע מיט די אידען זיינען איבער־געגאַנגען דעם ירדן איינצונעמען דאָס לאַנד. עס איז אַקעגען דער שטאָדט יריחו, און אין דער תורה איז באַצייכענט דאָס אָרט מיט די ווערטער: „מעבר הירדן נגד יריחו"... איהר זעהט, — ער־קלעהרט ער אונז ווייטער, — —דאָס וואַסער פונ'ם ירדן איז דאָ קאַלעמוטנע און ליימיג, דאָס איז איבער דעם, וואָס דאָס וואַסער לויפט דאָ זעהר שנעל, געהענדיג אַ גרויסען באַרג אַראָפּ. פאַר־געסט ניט, אַז דער ירדן הויבט זיך אָן נאָך אין „גליל העליון" צו צפון פון „מי מרום", דאָס איז מיט הונדערטע פוס העכער פון דאַנען, און כמעט זיין גאַנצען וועג איבער דער גאַנצער לענג פונ'ם לאַנד ביז אַהער, ביי זיין אַריינפאַלען אין ים המלח, געהט ער אַלץ באַרגאַראָפּ. גענוג זיינען איבער דעם אויך דאָ ביי איהם נאַטירליכע וואַסערפאַלען. און פאַרלאָזט זיך שוין אויף רוטענבערג'ען, ער וועט שוין אויסנוצען אונזער אַלטען ירדן פאַר אונזער אַלט־נייער היים. מיר מעגען שוין זיין זיכער אין דעם...

איינער פון אונז האָט זיך דערמאָנט אין די „התקות"־ווערטער: „כל עוד מי הירדן בגאון יזולו" — אַזוי לאַנג ווי די וואַסערען פון ירדן מיט שטאָלץ וועלען לויפען, — איז עוד לא אָבדה תקותנו!

און ווידער האָבען זיך געהערט די שטימען פון אונזער כאָהר און די „התקוה"־טענער האָבען פרעהליך אָפּגעקלונגען און זיך צושפּרייט איבער די ברעגען פונ'ם ירדן, פאַרשטאַרקענדיג אונזער בטחון און אמונה אין דער גליקליכער צוקונפט פונ'ם אידישען פאָלק אויף זיין לאַנד.

אַרום 4 אוהר נאָכמיטאָג האָבען מיר זיך אָפּגעשטעלט ביים „מעין אלישע" (אלישע'ס קוואַל), וואָס געפינט זיך אויף די חורבות

פון דער אלטער שטאָדט יריחו, די ערשטע באפעסטיגטע שטאָדט פון דער זייט ירדן, וואָס די בני ישראל האָבען איינגענומען אריינ־געהענדיג אין לאנד. דאָס איז זעהר א שעהנע און פרוכטבארע געגענד, דורכאויס באדעקט מיט באנאנען און טייטעל בוימער. ניט אומזיסט האָט די שטאָדט יריחו געהאַט א נאָמען נאָך אין דער ביבעל „עיר התמרים" — די שטאָדט פון טייטלען. די נאַטור האָט גאָר ניט געקארגט דאָ מיט גאנצע וועלדער וויינגערטנער, פרדסים, פאלמען, אקליפּטוסען און אנדערע בוימער. איבער דער גרויסער היץ וואָס איז אין יענעם נידעריגען טאָל, ווערען דאָרטען די וויינטרויבען, פרוכטען און גרינסען פארטיג פריהער מיט א גאנצען מאָנאט ווי אין יהודה און אין גאנצען לאנד. אין דיזער געגענד געפינט זיך אויך די נייע שטאָדט יריחו, וועלכע דינט אום ווינטער, פאר איהר זעהר ווארימען קלימאַט, אלס א קאָנטרי־פּלאַץ. דאָרטען זיינען פאראן אייניגע האָטעלען. הערבערט סעמיועל האָט אויך דאָרטען א ווינטער־היים. אן אראבער האָט דאָס איהם אוועק־געשענקט א מתנה.

מיר האָבען געמיטליך זיך אוועקגעזעצט לעבען באסיין (מעין אלישע) ארום איינעם פון די טישלאך וואָס זיינען אוועקגעשטעלט דאָרטען פאר באזוכער טוריסטען. מיר האָבען באשטעלט פאר אונז עטליכע פלעשלאך סאָדע און פרוכט אין געוועלבעל וואָס שטעהט דאָרטען פאר דיזען צוועק און דער פרימיטיווער אראבער, דער בעל־הבית פונ'ם געוועלבעל, האָט שכל געהאַט זיך לאָזען באצאָהלען פאר יעדער זאך דוקא מיט מאָדערנע פרייזען...

פון דאנען זעהען זיך דייטליך די פעלדער ארום, וואָס רופען זיך אין דער ביבעל מיט'ן נאָמען „ערבות יריחו".

פריינד קאָטלער דערצעהלט אונז פארשידענע לעגענדען און אויך היסטאָרישע פאקטען וועגען יענע ערטער. ער צייגט אונז אָן אויף בערגעלאך פון שטיינער, וואָס איינער פון זיי רופט זיך „גלגול", ערקלעהרענדיג, — אז דאָס איז דאָס באוואוסטער „גלגל", דאָס פּלאַץ וואו די בני ישראל האָבען זיך אָפּגערוהט איבערגעהענדיג דעם

ירדן און האָבען דאָרטען אַוועקגעשטעלט פאַר א זכרון צוועלף שטיינער, וואָס זיי האָבען מיטגענומען פונ׳ם ירדן, ווי יהושע האָט זיי אָנגעזאָגט...

טשאַפּמאַן וויצעלט זיך, ער וואָלט זיך ווינשען געפינען דאָ רחב הזונה׳ס קבר און אַ ביסעל תפילה און תשובה טאָן אויף חטאות־נעורים... חאַסקע האַקט איהם איבער: גענוג שוין, גענוג איהם צו פלאַפּלען... און אַרויסכאַפּענדיג די קאַמעראַ פאַנגט זי אָן איהר ליבסטע אַרבייט אַרונטערצונעמען בילדער פון אַלעס, אויך פון אונז אין פאַרשידענע פּאָזען. רחל׳ע זינגט איהרע זיסע פאָלקס־לידעלאַך. מיר העלפען איהר אונטער ביז עס ווערט זעקס אוהר און מיר פאַרלאָזען „מעין אלישע" און קעהרען זיך אום צוריק אויפ׳ן וועג קיין ירושלים.

באַלד זיינען מיר אַרויס פון דער „שפלה" און צוריק אַרויף און זיך אַריינגעפּלאָנטערט אין צווישען די יהודה־בערג. מיר האָבען געוואָרפען אונזער לעצטען בליק צו מזרח אויף דער וואונדערליך־שעהנער פּאַנאָראַמע פונ׳ם גאַנצען „ככר הירדן" מיט׳ן „ים המלח" און באַלד זיינען מיר אויך אַלע פאַרכאַפּט געוואָרען פון דעם עק הימעל אין מערב, ווי די אַקטריסע־זון האָט אָפּגעגעבען איינעם פון איהרע שעהנסטע ארץ־ישראל׳דיגע שקיעה־קאָנצערטען (זון־זעצונג) און, אַרומגעוויקעלט אין פיל־פאַרביגע מאַנטלען, האָט זי גראַציעז פאַרלאָזט דעם הימעל־סטיידזש... אויפ׳ן צווייטען עק הימעל, אַקעגען אין מזרח, איז שטאָלץ אַרויף איבער די בערג אַ פולע לבנה און אָנגעהויבען איהר נאַכט־ראָלע מיט ניט וועניגער צויבער און גראַציע...

מיר האָבען ניט געקענט אַזוי גיך אַוועקפאָהרען פון דיזען פּלאַץ. מיר האָבען געמוזט זיך אָפּשטעלען מיט אונזער אויטאָמאָביל אום צו באָאָבאַכטען די וואונדערליכע הימעל סצענעס... לאַנגע שאָטענס האָבען זיך אויסגעשפּרייט צווישען די בערג און האָבען אונז איינגעוויקעלט אין אַ הייליגער בין־השמשות׳דיגער שטימונג... מנחה ומעריבדיגע תפילה־געפיהלען האָבען זיך געוועקט און גע־

ריסען פון הארצען... מיר זיינען אלע שווייגענדיג געזעסען אויפ'ן אויטאָמאָביל און ביי יעדען פון אונז האָבען די ליפּען שטיל, עפּעס דאַכט זיך, ווי שמונה־עשרה'דיג, געשעפּטשעט...

ווען מיר זיינען אַרויף אויפ'ן „הר הזיתים" האָבען מיר שוין געזעהן די שטאָדט ירושלים באַלויכטען מיט צעהנדליגער טויזענטער ליכטעלאך און באַדעקט מיט אַ טונקעלען נאַכט־קלייד...

מידע און פאַר'שיכור'טע פון דער בערגיגער לופט און פון גייסטיגער צופרידענהייט זיינען מיר צוגעפאָהרען צו אונזער האָטעל און באַלד זיך אַריינגעוואָרפען אין אַ זיסען געשמאַקען שלאָף, חלום'ענדיג דעם גרויסען הייליגען חלום פון ציון...

# ניין טעג.

(אַ בריף צו די קינדער)

תל־אביב, 2טען דעצעמבער, 1925.

טייערע און ליבע קינדער: —

מיר זיינען שוין צוריק אין תל־אביב. מיר זיינען געווען אין ירושלים ניין טעג. פונקט ניין טעג. און דאָס וועט מעגען פאַרצייכענט ווערען אין אונזער לעבען אַלס היסטאָרישע „ניין טעג". אונזער פאָלק ווייסט פון היסטאָרישע „ניין טעג", אין וועלכע ער פלעגט נעבאך באַקלאָגען זיין ביטער מזל, און מיר וועלען יעצט וויסען פון „ניין טעג", אויך היסטאָרישע „ניין טעג", ירושלים'ער ניין טעג פון פרייד און גייסטיגען פאַרגעניגען, וועלכע וועלען איבערבלייבען איינגעקריצט אין אונזער הארצען אומפאַר־געסליך אויף אייביג!...

„אין שמחה בלא תוגה" — זאָגט אונזער תלמוד. דאָס הייסט: עס גיט קיין פרייד אָהן דעם אז עס זאָל נישט זיין צוגעמישט אביסעל טרויעריגס. אויך דאָ זיינען געווען טרויעריגע מאָמענטען. דאָס איז געווען ווען מיר האָבען באַזוכט די הייליגע ערטער פון אונזערע עלטערנ'ס קברים, פארשיידענע פאַנטיאָנען פון אונזערע מלכים, נביאים, סנהדריון, וועלכע זיינען כמעט אַלע אין אַראַבישע הענט. איינע פון זיי, די מערת המכפלה, איז אינגאַנצען פאַר אונז (אמת, פאַר די קריסטען אויך...) פאַרבאָטען אריינצוקומען אהין. נאָר זעקס טרעפ מעגסטו ארויפגעהן. אויף

דער זיבעטער שטעהט שוין אן אראבער און היט אז מען זאָל חלילה ניט געהן ווייטער... ניט מטמא זיין דעם קבר פון זיינע עלטערן... אברהם מיט שרה'ן, יצחק מיט רבקה'ן, יעקב מיט לאה'ן זיינען זיינע עלטערן... עס טוט אביסעלע א שטאָך די מעשה... און עס ווערט אביסעל פארדריסלאך אויך... סטייטש? פארוואָס? וואו איז יושר? און וואו איז ערגעץ היסטאָרישע רעכטע?

אָבער לאָז דאָס זיי — די שונאים מיין איך — שטעכען און ברעכען, און לאָזען זיי זיך דערווייל האלטען דערמיט. אפשר איז דאָס גאָר א טובה פאר אונז, וואָס דאָס אלעס איז ביי זיי און ניט ביי די קריסטען. ווען די לעצטע האָבען דאָס, וואָלטען מיר געוויס געמעגט זאָגען „גוד־באַי" צו אלעמען... פון די אראבער וועט פאָרט גרינגער זיין עפּעס ארויסצובאקומען... א סמן האָבען מיר — דאָס לאַנד, דאָס גאַנצע לאַנד... — און דאָס לאַנד, קינדערלאך, איז אונזערס! בוכשטעבליך אונזערס!... אי די הייליגע ערטער, און דאָס וואָס עס טוט אביסעל וועה? מילא, וואָס זאָל מען טאָן?!... אָבער דערפאר, קינדערלאך, ווען מיר זעהען דאָס נייע ירושלים מיט די פאָרשטעטלאך ארום, ווי עס בויט זיך דורך אידען און פאר אידען, ווי שעהן, ווי אידישלאך שעהן דאָס איז! מיר זעהען מיט אונזערע אויגען ווי עס וועבט זיך א צוקונפט, א רייכע צוקונפט, א שעהנע צוקונפט און א געזיכערטע צוקונפט פאר אונזער אידיש פאָלק! און נאָך א זאך, קינדערלאַך, האָב איך דאָ דערזעהן. איך האָב דאָ דערזעהן א שעהן אידיש פאָלק. דער איד באקומט דאָ א שעהנעם פנים. ער פיהלט, אז ער איז און דארף זיין העכער פון א גלות־איד. אזוי פיל אינטעלעקט, וויפיל מיר באגעגענען דאָ, באזונדערס צווישען דער יוגענד, איז שווער זיך פאָרצושטעלען. מיר זיצען אין דער לאבי פון האָטעל) צי מען באגעגענט זיך אין קלוב אָדער אין שטאָדט־גאָרטען. מען באקענט זיך, און באלד דערוויסען מיר זיך, אז דאָס איז א דאָקטאָר, א פראָפעסאָר,

אָדער אַן אינזשיניר, אַגראָנאָם אָדער כעמיקער. אַלע מיט אַ הויכער בילדונג און ריידען אויף פארשידענע שפּראַכען. אָבער די הויפּט שפּראַך איז, נאַטירליך, נאָר העברעאיש. איבערהויפּט ביי די יונגוואַרג, יונגע מענער און פרויען, זייער לעבענס־שפּראַך איז נאָר העברעאיש. און ווען מיר זעהען דאָס, פארשטעהט איהר ווי דאָס הארץ פרעהט זיך! ווען מיר זעהען מיט אונזערע אויגען ווי דאָס לאַנד, דאָס שעהנע ליבע לאַנד, מיט׳ן שעהנעם ליבען פאָלק —ביידע צוזאמען — באַפרייען זיך פון׳ם גלות און ווערען ניי־געשאפען!

אייך באַשרייבען, קינדערלאך, וואָס מיר האָבען איבער־געלעבט אין יענע היסטאָריש־געוואָרענע ביי אונז ירושלים׳ער „ניין טעג“, איז צופּיל, און פיליכט אוממעגלאך גאָר אינגאנצען, אָבער איין טאָג, אָדער ריכטיגער, אַ האַלבען טאָג, וואָלט איך יאָ אַ בעלן געווען זיך פּרואווען אייך איבערגעבען, ווי איך האָב געפיהלט, זעהענדיג און איבערלעבענדיג עטלאכע שטונדען פון הויכען גייסטיגען גענוס!

דאָס איז געווען אַרום דריי אַזייגער נאָכמיטאג, און איך מיט מיין פריינד, ה׳ טשאַפּמאַן, פון שיקאַגאָ, זיינען אַוועק אויפ׳ן הר־הצופים (מאָונט סקופּס), אַ באַרג, אויף וועלכען עס שטעהען די קוקערס, ווייל פון דאָרטען קען מען זעהן פאַר פילע צעהנדליג מייל׳ען אַלעס אַרום ירושלים. דאָרטען, אויפ׳ן שפּיץ באַרג, איז די „היברו יוניווערסיטי“, און אַהין זיינען מיר דאָס געגאַנגען הערען לעקציעס פון א ו נ ז ע ר ע פּראָפעסאָרען אין א ו נ ז ע ר אוניווערסיטעט, וואָס שטעהט, אויף א ו נ־ז ע ר הר־הצופים, דער שענסטער און העכסטער באַרג אין א ו נ ז ע ר שטאָדט ירושלים, די מעטראָפּאָלים פון א ו נ ז ע ר לאַנד ארץ־ישראל!... אונזערע פרויען (אויך א ו נ ז ע ר ע!...) וועלכע זיינען שוין איינמאָל געווען מיט אונז אויף דיזען פּלאַץ, זיינען זיך אוועק באַזונדער אין „הדסה האָספּיטאַל“.

די לעקציעס, צו וועלכע מיר זיינען געקומען, האָבען זיך אָנגעפאַנגען ערשט 5 דעם זייגער. די פּאָר שעה האָבען מיר דערווייל פאַרבראַכט אין'ם שעהנעם גאָרטען, וואָס איז אַרום דעם אוניווערסיטעט געפּלאַנצט מיט אָליוו בוימער און פּאַלמען. ניט ווייט פון אונז איז דער אַמפיטעאַטער, וועלכער איז געבויט געוואָרען ספּעציעל פאר דער ערעפענונג פון דעם אוניווערסיטעט, מיט אָפענע פּלעצער, געמאַכט פון שטיין, פאר 20 טויזענט צו־שויער (ווי, להבדיל, אין אמעריקא די בייזבאָל שפּילער). מיר האָבען זיך אויסגעזעצט פונקט אויפ'ן „אבן הפּנה", דעם ווינקעל־שטיין, וועלכער וואַרט נעבאַך מיט אומגעדולד מען זאָל ארבייטען ווייטער און פאַרענדיגען (פילע געביידעס זיינען שוין פאַר־ענדיגט). מיר זיינען געזעסען מיט'ן פּנים צום מזרח און געקוקט אין דער ווייט אריין... געקוקט און געזעהן... געזעסען זיינען מיר שטיל, מען האָט געקענט הערען אונזער אָטעמען, וויל שטיל זיינען אויך געלעגען די בערג אונטער אונז. פאר אונזערע אויגען, כמעט מיט דער האַנט צו דערגרייכען, ליגט דער ים המלח (דער טויטער ים — סך הכל 30 מייל פון דאַנען). פון איהם ציהט זיך אַ שוואַרצע געשלענגעלטע סטיינגע — דער ירדן. הינטער זיי, ווייטער צום מזרח, הויבען זיך אויף די העכסטע בערג פון'ם לאַנד, די בערג פון מואב און גלעד, און איבער דיזע בערג אַ האַלבער הימעל מיט פאַרשיידענע פּראַכטפולע פאַרבען, וואָס ־י וואָלקענדלאַך באַקומען פון דער פאַרגעהענדער פונקט אַנקעגען אין מערב ארץ־ישראל'דיגער זון... און ערשט פון צווישען דער גאַנצער חתונה, פון די אויסגעפּוצטע אין פאַרשידענע קאָלירטע קליידער מחותנים, שפּאַצירט זיך אַרויס אַ לבנה מיט'ן שטאָלץ פון אַ שעהנער כלה, בעת זי געהט צו דער חופה...

מיר זיינען געזעסען שטיל מורא געהאַט אַ פּיפּס צו טאָן. מיר האָבען געפיהלט, אַז מיר טאָרען קיין וואָרט ניט ריידען... אַ הייליגע שטימונג האָט אונז אַרומגענומען און מיר האָבען זיך דערפיהלט אויף דער העכסטער שטופע פון באַגייסטערונג, אויפ'ן

שפּיץ באַרג פון נייעם אידישען מזל וואָס ס'הויבט אָן פון דאָרטען שיינען !...

ווען די לעקציעס האָבען זיך אָנגעפאַנגען, זיינען מיר, ווי געהאָרכזאַמע תלמידים, שוין געזעסען אויף אונזערע פּלעצער (פּלעצער פאַר פרייע צוהערער), און זיך גוט איינהערענדיג, האָבען מיט גרויס אַפּעטיט געשלונגען די ווערטער פון'ם פּראָפעסאָר, און דאָס איז געווען ווי אַ בוימעל אין אונזערע ביינער... און ווי גרויס אונזער וואונדער איז געווען צו זעהן צווישען די סטודענטען אויף דער לעקציע פון „קבלה" (מיסטישע טעאָלאָגיע) יונגע לייט מיט רוסישע בלוזקעס, אין דער זייט געשפּילעט, אַריבער די הויזען, מיט די באַוואוסטע גאַרטעלאַך, און פאַטלעס האָר — אמת'ע רעוואָלוציאָנערע פאַטלעס... און אַזעלכע זיצען אָהן היטלען און הערען אַ לעקציע איבער „קבלה" !...

ווען מיר זיינען געפאָהרען צוריק פון הר הצופים אין אַן אָוטאָ־באָס, וועלכער געהט פון שטאָדט צו דעם אוניווערסיטעט אַלע האַלבע שטונדע, זיינען מיר געזעסען צוזאַמען מיט איינעם פון די אוניווערסיטעט פּראָפעסאָרען, רב אסף (אין היסטאָריע אַפּטיילונג). ער האָט פאַרצויגען מיט אונז אַמעריקאַנער אַ שמועס און זיך געוואונדערט אויף אונזער פיינעם העברעאיש. ווי קומט דאָס, הייסט עס, צו אַמעריקאַנער ?...

קומענדיג אין האָטעל האָבען מיר געטראָפען אונזער „גרויסען" שרייבער, זלמן קאָטלער, מיט זיין פרוי, אַ זעהר אינטעליגענטע און אינטערעסאַנטע פּערזענליכקייט. זיי האָבען שוין געוואוּסט אויף אונז און האָבען אונז גלייך פאַרנומען צו זיך. זייער וואוינונג איז ניט ווייט פון אונזער האָטעל. מיר האָבען זעהר פריילאַך און אנגענעהם פאַרבראַכט דעם גאַנצען אָוועגט ביי די קאָטלערס. דאָרטען האָבען מיר זיך באַקענט מיט נאָך ירושלים'ער בירגער, קאָטלער'ס פריינד, געלערנטע און שריפט־שטעלער (צוויי באַזונדערע זאַכען), און דאָס איז געווען דער לעצטער אָוועגט אונזערער אין אונזער אַלטער־נייער שטאָדט

ירושלים, וואָס די פּאָעטען אמאָל פלעגען זי רופען „עיר־כלילת־היופי“, א שטאָדט פון פּאָלקאָמענער שיינקייט.

שווער, זעהר שווער איז אונז געווען צו שיידען זיך מיט דער שעהנער ירושלים! א באזונדער צויבער ליגט עפּעס אויף איהרע פון שטיין געבויטע הייזער, און א באזונדער כישוף ליגט אין די אלטע 2 און 3 טויזענט יאָהריגע שטיינערנע מויערען ארום דער אלטער שטאָדט, וועלכע רופט זיך „חומות ירושלים“... ווען דו קוקסט אויף זיי, דערפיהלסטו באלד א באוועגונג אין דיין הארצען. דו הערסט ווי זייריידען צו דיר און דערצעהלען דיר אזוינע באקאנטע מעשיות, וואָס זיינען דיר אזוי איינגעבאקען אין דיין הארצען פון קינדערווייז אָן.

אָט זעהסטו פאר זיך אלע באקאנטע ערטער פון׳ם תנך: „חומות־ירושלים“, „שערי־ירושלים“, „מגדל דוד“... ארום זיינען די בערג פון יהודה.... דאָ ליגען איינער לעבען צווייטען דער הר־הבית מיט׳ן הר־ציון. אנטקעגען זיי דער הר־הצופים מיט׳ן הר־הזיתים. אין מיטען דער „עמק־יהושפט“, דער „נחל־קדרון“ מיט׳ן „יד־אבשלום“, און דיר ווייזט זיך אויס אז דו האלטסט אין דער האנט דעם תנ״ך, אָדער גאָר — דער גאנצער תנ״ך ליגט צושפּרייט און אויסגעלייגט איבער די בערג און טאָלען, מויערען און טויערען פון דיזער הייליגער שטאָדט, און דו לייענסט און פארטייטשסט יעדען פסוק און אלעס ווערט דיר אזוי קלאָר און פארשטענדליך און א הייליגקייט וויקעלט דיך אינגאנצען ארום און דו פיהלסט זיך עפּעס ווי אַן אנדער מענש...

אזוי האָב איך געפיהלט און אזוי פיהלט זיך יעדער איד, באזוכענדיג אונזער היסטאָרישע שטאָדט ירושלים, דער ליבלינג פון אונזער פאָלק, וואָס אלעס אין דער וועלט האָט עס איבער־געלעבט, געליטען און פארגעסען, און אין איהר, ירושלים, קיינמאָל ניט געוואָלט און ניט געקענט פארגעסען...

במעט מיט גוואלד האָבען מיר זיך געשיידט און פארלאָזט

ירושלים. אָבער מיר האָפען, איידער מיר וועלען פארלאָזען ארץ־ישראל, נאָך אַמאָל זיין דאָרטען מיט אַ באַזוך.

און יעצט זיינען מיר ווידער אין תל־אביב, אין דער נייער הונדערט־פּראָצענט־אידישער שטאָדט.

וואָס תל־אביב איז, אָדער ווי די „גרינע" אָנגעקומענע אהער רוסישע יוגענד רופט זי, „טעלאַוויאָוו" — וועל איך אייך שרייבען אַ צווייטעס מאָל. איך האָב גראדע היינט באַגעגענט איינעם אַ „גרינעם", וואָס איז געפאָהרען מיט אונז פון טריעסט קיין ארץ־ישראל, און איך האָב זיך צולאַכט, איך האָב זיך דערמאָנט ווי אַזוי ער, דערוויסענדיג זיך אַז איך בין פון אמעריקא און פון ברוקלי'ן (מיט'ן אקצענט אויף דער לעצטער זילבע), האָט ער געוואָלט אָפּנעמען ביי מיר אַ גרוס פון זיינעם אַ ברודער, וועלכער וואוינט אויך אין ברוקלי'ן...

— אנטשולדיגט מיר, — פרעגט מיך אזוי העפליך דער איד,

— איהר זענט פון ברוקלי'ן?

— יעס, — ענטפער איך איהם.

— קענט איהר אפשר דאָרטען מיין ברודער?

— ווי הייסט אייער ברודער און וואו וואוינט ער? — פרעג איך.

— הייסען הייסט ער ווי איך, טעפּליקער, אָבער איך האָב געהערט, אַז ער האָט דאָרטען איבערגעביטען זיין נאָמען, אויף ווי ווייס איך ניט. און וואוינען וואוינט ער — קען איך אייך ניט זאָגען אקוראַט, צי דריי הונדערט מיט עטלאכע און זעכציג, צי פינף הונדערט מיט עטלאכע און זעכציג...

— אויף וועלכער גאַס? — פרעג איך איהם.

— די גאַס? די גאַס ווייס איך ניט. פון וואנען זאָל איך וויסען?

— און מיט וואָס באַשעפטיגט זיך אייער ברודער? — פרעג איך ווייטער.

— ער אַרבייט ביי סאַמאָכאָדען, ארבייט ער, מיין ברודער.

איהר האָט געוויס איהם ערגעץ באַגעגענט אין ברוקלין. דער־מאָנט זיך, איך בעט אייך...

יעצט ארבייט שוין מיין אידעל אין אַ קבוצה, טראָגט שוין לאַנגע שטיוועל, רעדט שוין אַביסעלע העברעאיש, געהט אַלע אָווענט אין „בייט־עם" (בית־עם) הערען לעקטשורס, און גרינט זיך אויס...

טייערע און ליבע קינדער מיינע, איך דאַנק אייך זעהר פאַר'ן געדולד, וואָס איהר האָט מיר געשאָנקען אויסהערענדיג מיך און מיינע באַגייסטערונגען... איך האָף, אַז אַביסעלע וועט אויך אין אייער הארצען אריין... און דאָס איז שוין פאַר מיר גענוג! דינו!

זייט מיר געזונט און גליקלאך.

אייער פאָטער פּנחס.

# חמי־טבריה.

אין טבריה האָבען מיר פארבראכט צעהן וואָכען צייט. דאָס איז געווען צוליב די „חמי טבריה", אין וועלכע דער דאָקטאָר האָט מיר געהייסען זיך באָדען צו קורירען מיין רומאטיזם. די „חמי טבריה" האָב איך געטראָפען אין א פיל בעסערען צושטאנד, ווי ווערליג אנדערע דערצעהלען, אָדער ווי איך האָב זיך זיי פאָרגע־שטעלט. די בעדער, דאָס הייסט די שטיבלאך וואָס זיינען אוועק־געשטעלט ארום די בעדער, זיינען נאטירליך זעהר איינפאך, פאר־צייטיג, אלט און פרימיטיוו. אויך אינוועניג, די ווענט, די בענק, זעהט זיך קיין סימן ניט פון יענעם שיק און גלאנץ וואָס מיר זיינען געוואוינט צו זעהן אין די אייראָפּעאישע און אמעריקאנער בעדער, דאָך זיינען די בעדער צימליך ריין און ווערען אויך גע־האלטען ריין. עס זיינען פאראן דאָרטען פיר קלאסען בעדער: 1) „צוויי פיאסטערדיגע", ד. ה. וואָס מען באצאָהלט פאר אָפּבאָדען זיך צוויי פיאסטער (א פיאסטער איז 5 סענט). דאָס איז א גרויסער רונדער באסיין, אָדער ווי זיי רופען דאָס ברכה. דאָרט באָדט זיך דער אָרימער עלעמענט, מעהרסטענס אראבער. 2) 5 פיאסטערדיגע, שוין א ביסעל א קלענערע ברכה. 3) 8 פיאסטערדיגע. דאָס איז שוין די קלענסטע ברכה. דאָ איבער דער „הויכער פרייז" באָדט זיך מעהרסטענטיילס דער רייכערער קלאָס מענשען. 4) וואנעס, וועלכע קאָסטען 12 פיאסטער א וואנע. דאָס זיינען פרייזען, וועלכע זיינען אוועקגעשטעלט פון דער רעגירונג, און אויך די בעדער זעלבסט זיינען אונטער דער פארוואלטונג פון דער רעגירונג.

איך האָב זיך די גאַנצע צייט געבאָדען אין דער 8 פיאַסטעטער־דיגער ברכה, וועלכע איז מיר בעסער געפעלען געוועזן פון די וואַנעס. איבער דיזער ברכה נעמט אויפזיכט אַן אַראַבער „אבאזרע" (ד. ה. אַבא זרע, דעם טאַטענ'ס קינד). ער אַרבייט שוין דאָ אויף דעם זעלבען פּלאַץ 25 יאָהר. יעדערער קען איהם און ער קען יעדען. זעהר אַ קלוגער און גוטער גוי. אַלע האָבען איהם ליב. ער האַלט זעהר ריין זיין ברכה און נעמט גוט אַכט אויף זיינע בעדערס, וועלכע, נאַטירליך, פאַרפעהלען ניט איהם צו שענקען אימער אַ פּאָר פיאַס־טער. און ער הויבט באַלד אויף די הענט און פאַרגלאָצט די אויגען און ווינשעוועט: ברפואה שלמה, תודה רבה! אויף העברעאיש. ווייל ער פאַרשטעהט און רעדט גאַרניט שלעכט העברעאיש. דאַרף עמיצער וואָס, זייענדיג אין ברכה, טוט ער נאָר אַ געשריי: „אבא־זרע"! און אבאזרע איז שוין דאָ און מיט זיין שטענדיגען „בבקשה" (ביטע שעהן!) טוט ער וואָס מען פאַרלאַנגט. האָט אַמאָל אבא־זרע דערזעהן אין מיר אַ פאַרבעסערונג אין מיין געזונדס־צושטאַנד, פלעגט ער באַלד פאַרגלאָצען די אויגען און זאָגען: ברוך השם!

דאָס וואַסער פון די חמי טבריה, בשעת זיי קומען פונם קוואַל, דאָס הייסט פון אונטער די בערג, איז זעהר הייס (65 גראַד צעלזיוס). אַלע אָוועגט ווערען די ברכות אויסגעצאַפּט און אָנגעפילט מיט פרישע וואַסער און ביז אין דער פריה קיהלט זי זיך אָפּ און עס ווערט מעגליך זיך צו באָדען. מאַנכעס מאָל איז דאָס וואַסער נאָך אַלץ הייס אַזוי, אַז מען מוז צומישען וואַסער פון אַן אָפּגעקיהלטער ברכה, וועלכע ווערט שטענדיג צוגעגרייט פאַר דיזען צוועק.

דאָס וואַסער איז זעהר רייך מיט מינעראַלען און האָט אַ וואונדערבאַרע היילונגס קראַפט אין זיך. איבער די פילע זאַלצען און מינעראַלען וואָס זי אַנטהאַלט, איז דאָס וואַסער אַזוי לויטער און דורכזיכטיג, אַז שטעהענדיג אין ברכה ביז'ן האַלז אין וואַסער זעהסטו זעהר גוט די פינגער פון דיינע פיס.

וועגען איבערנעמען די „חמי טבריה" אין אידישע הענט, האָט מיר ה. סופראַסקי, איינער פון די שעהנסטע תל־אביב'ער בעלי־

בתים און אַ מיטגליד פון דער מועצה פון תל־אָביב, וועלכער האָט פאַרבראַכט אַ פּאָר וואָכען אין טבריה און איז געשטאַנען צוזאַמען מיט אונז אין האָטעל „גובערמאַן”, דערצעהלט, אַז ער, סופּראסקי, זייענדיג אויטאָריזירט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָט פאַרהאַנדעלט מיט דער ענגלישער רעגירונג וועגען אַ קאָנצעסיע אויף די חמי טבריה. די ערשטע פאַרהאַנדלונג האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרניט, ווייל די ענגלישע רעגירונג האָט ניט איינגעשטימט מיט'ן גאַנצען פּלאַן פון דער ציוניסישער אָרגאַניזאַציע. יעצט איז דער פּלאַן געענדערט געוואָרען און די פאַרהאַנדלונגען מיט דער רעגירונג האָבען זיך אָנגעפאַנגען פון דאָס ניי. עס ווערט געפּלאַנט, האָט מיר ה' סופּראסקי איבערגעגעבען, אַז איבער די בעדער, וועלכע געפינען זיך ביים פוס פון אַ הויכען באַרג, וועט אוועקגעשטעלט ווערען אויפ'ן שפּיץ באַרג אַ גרויסער האָטעל, פון וועלכען עס וועט זיך אַרונטערלאָזען אַן עלעווייטאָר צו די בעדער. אויבען אויפ'ן באַרג איז די טעמפּעראַטור אַ קיהלע, וועט דאָס זיין זעהר גוט פאַר די זומער מאָנאַטען, ווען אין שטאָדט אונטען, אין טאָל פון כנרת, איז זעהר הייס און ס'איז דאַמאָלסט אוממעגליך פאַר טוריסטען און געסט צו קומען קיין טבריה זיך באָדען. די בעדער, אונטען ביים כנרת, וואָס וועלען אוועקגעשטעלט ווערען אויפ'ן רייכסטען און מאָדערנסטען אופן, און דער האָטעל אויבען מיט אַלע בעסטע באקוועמליכקייטען, וועט מאַכען טבריה פאַר איינעם פון די שעהנסטע און בעסטע קורערטער אין דער וועלט. ווייל טבריה אַליין, ניט רעכענענדיג די פּאָר הונדערט אַלטע הייזער אָנגעוואָרפענע איינע אויף דער צווייטער, וואָס דערמאָנען דיך אינ'ם מיטעלאַלטער און מאַכען אויף דיר אַ שווערען איינדרוק, — איך מיין דער גאַנצער טאָל ביים כנרת, דער כנרת און די בערג אַרום, — איז וואונדערליך צויבער־שעהן. די „חמי טבריה”, זאָגט מיר ה' סופּראסקי, וואָס זיינען געוועזען אַזוי באַוואוסט אין די צייטען פונ'ם תלמוד, וועלען אין דער נאָהענטער צוקונפט נאָך מעהר באַוואוסט ווערען איבער דער וועלט. דאָס וועט זיין די קאַרלסבאַד פון אָריענט.

## מיינע באקאנטשאפטען אין טבריה

אין האָטעל גובערמאַן, וועלכער איז כמעט דער שעהנסטער אין טבריה און איבער דעם שטעהט דאָרטען איין דער פיינסטער קלאַס מענשען, האָב איך זיך באַגעגענט און געשלאָסען קאַנטשאַפט מיט איינינע זעהר אינטערעסאַנטע פּערזענליכקייטען, צווישען וועלכע איך וועל מיט פאַרגעניגען דערמאָנען די פאָלגענדע : יהושע חנקין. זיין נאָמען איז באַוואוסט אין דער ציוניסטישער וועלט. ער איז כמעט דער איינציגער, וואָס דורך איהם געהען דורך אַלע ערד־קניות אין ארץ־ישראל. ער איז אויסגעקאָכט מיט אַלע רייכע אַראַבישע ערד־באַזיצער און ווייסט דאַריבער ווי בעסער און ווי ביליגער דורכצופיהרען די גרעסטע טראַנסאַקציאָנען אין ערד־קויף. פילע קאָלאָניעס זיינען דורך איהם געקויפט געוואָרען. אַ דאַנק איהם איז יעצט כמעט דער גאַנצער „עמק יזרעאל” אין די הענט פונ'ם אידישען נאַציאָנאַלפאָנד.

טאָג אַזוי ווי נאַכט פאָהרט ער אַרום איבער דער לענג און ברייט פון ארץ־ישראל מיט אַ פּאָרטפעל מיט מאַפּס, קאָנטראַקטען און פאַרשידענע פּאַפּירען פון שטיקער ערד, וועלכע ווערען געקויפט אָדער האַלטען אין געקויפט ווערען. מיט זיין לאַנגער באָרד און מיט זיינע לאַנגע האָר וואָס פאַלען איהם אַראָפּ איבער די אַקסלען, זעהט ער אויס ווי עפּעס אַ גייסטליכער, אָבער מיט זיין גאַנג, אימער מיט אַ לעדערן רעקעל און לאַנגע שטיוועל, קוקט ער אויס ווי אַן אמתע'ר חלוץ.

איינינע מאָל האָב איך פאַרבראַכט מיט איהם אין אַ פריינד־

ליבען שמועס, און ווערענדיג אַ ביסעל מעהר אינטים מיט איהם, פרעג איך איהם איין מאָל: וואו וואוינט איהר, ה׳ חאנקין?

ענטפערט ער מיר מיט אַ שמייכעלע: מיין פרוי וואוינט אין תל־אָביב... (ער, הייסט עס, וואוינט איבערן׳ גאַנצען לאַנד)...

— האָט איהר עפּעס קינדער? — פרעג איך איהם ווייטער.

— מיין קינד איז ארץ־ישראל... — ענטפערט ער מיר, און עס הערט זיך אַ לייכטער זיפץ איג׳ם ענטפער.

ה׳ איזמאזשעק, אַ תל־אָביב׳ער בעל־הבית, איז געקומען מיט דער פרוי קיין טבריה זיך אַ ביסעל אָפּרוהען פון זיינע מסחרים, וועלכע ער פיהרט מיט אַ ברייטער האַנט אין תל־אָביב. אַ רוסישער איד, אַריבערגעקומען קיין ארץ־ישראל נאָך אין 1905, זעהר אַ קלוגער און געלערענטער מאַן, פאַרנעמט זיך מיט כלל ארבייט. ווען מעיאָר דיזענגאָף איז געווען אבוועזענד, זייענדיג אין אייראָפּא און אין אַמעריקא, האָט ער, איזמאזשעק, צייטוויילינ פאַרנומען דעם מעיאָר׳ס אמט. כאָטש אַ ביסעל צופיל אַ פאַר׳סוחר׳טער, דאָך מיט אַ טיף אידישער נשמה און מיט ליבע צו ארץ־ישראל אָהן אַן ענד. מיט גרוים אינטערעס פלעג איך זיצען און הערען זיינע שמועסען אין אַ פליסיגען העברעאיש, באַזונדערס אויף דער טעמא פון פּאַטריאָטיזם, באַווייזענדיג מיט זעהר לאָגישע ארגומענטען, אַז מיר, אַמעריקאַנער ציוניסטען, כל זמן מיר וואוינען נאָך אין אמעריקא און ניט אין ארץ־ישראל, זיינען מיר ניט קיין ריכטיגע ציוניסטען. געבען געלט צום קרן היסוד איז פילאַנטראָפּיע, ניט קיין ציוניזם, א. ז. וו. עס פלעגט ניט העלפען מיינע געגען־ארגו־מענטען. ער, איזמאזשעק, פלעגט אימער אַרוים דער שטאַרקערער, סיי מיט דער לאָגיק, סיי מיט דער שפּראַך (העברעאיש). מיר פלעגען אויך פאַרברענגען פילע אָווענטען אין דערצעהלען אַנעקדאָטען, זינגען שירי־ציון און אידישע ניגונים׳לאך, צווישען וועלכע איין טיפּיש־אידיש ניגונ׳דעל מיר האָבען זיך אויסגעלערענט און געזונגען, און עס איז פאַרבליבען ביי אונז מיט׳ן נאָמען „איזמאזשעק׳ס ניגונ׳דעל".

ה׳ סופראסקי, דער זעלבער, וועלכען איך האָב דערמאָנט אין

אָנפאַנג פון דיזען קאַפּיטעל, איז ערשט צוריק מיט זעקס יאָהר אריבערגעקומען פון רוסלאַנד קיין ארץ־ישראל און פאַר דיזער קורצער צייט האָט ער שוין, ווי מיר רופען עס, „זיך אַרויפגעאַרבייט". ער איז דער פּרעזידענט פון אַ רייכער קאָרפּאָריישאָן „המנחיל" (פון וואָרט נחלה"), דאָס הייסט אַ ריעל עסטייט געשעפט. ער איז אויך דער פּרעזידענט פונ'ם צענטראַלען קאָמיטעט פון די אַלגעמיינע ציוניסטען אין ארץ־ישראל. אַ מענש מיט גרויס קענטניש און אַ ברייטע ידיעה אין פּאָליטישען און עקאָנאָמישען לעבען פון די אידען אין ארץ־ישראל. פון איהם האָב איך געלערענט זעהר פיל. אַלס אַן אינוועניגסטער מענש, וואָס ווייסט וואָס עס טוט זיך מאחורי הפרגוד און אין סאַמע לפני־ולפנים, האָט ער מיר אַמאָל דערצעהלט וועגען דער הינטער־קוליסען פּאָליטיק וואָס צווישען דר. ווייצמאַן און אוסישקין. איידער ווייצמאַן איז צום ערשטען מאָל אויסגע־קליבען געוואָרען פּרעזידענט פון דער אַלוועלטליכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, איז אוסישקין געוועזען זיכער ביי זיך, אַז פּרעזידענט וועט זיין ער, אוסישקין, ניט קיין אַנדערער, און די ערוועהלונג פון ווייצמאַנ'ען איז געווען אַ גרויסער קלאַפּ פאַר אוסישקינ'ען, דעם אייזערנעם מענשען, אָדער ווי מען פלעגט איהם רופען אין רוסלאַנד: „זשעליעזני טשעלאָוועק זשעליעזנאהאָ פּערעאולקאַ" (ער האָט געוואוינט אין יעקאַטערינאָסלאַוו אויף זשעליעזני פּערע־אולאָק). די ערשטע צייט האָבען זיי זיך נאָך גע'חבר'ט און גע־אַרבייט צוזאַמען אין דער עקזעקוטיוו. שפּעטער איז אוסישקין אינגאַנצען באַזייטיגט געוואָרען פון דער עקזעקוטיוו. ווייצמאַנ'ס מאָטאָ איז: „כאַפּט איהם אריין און וואַרפט איהם אַרויס!"... אַזוי האָט ער אויך געטאָן מיט זשאַבאָטינסקי'ן, סאָלאָווייטשיק'ען און לואיס בראַנדייס... ווען עס איז געקומען די „פתיחה", דאָס הייסט די עפענונג פון דעם העברעאישען אוניווערזיטעט, האָט זיך אַרויסגעוויזען אַן אָפּאָזיציע, אַז עס איז ניט כדאי צו מאַכען אַזעלכע אַלאַרמדיגע פייערונגען מיט שרייענדע צערעמאָניעס איבער כלומרשט דער געפאַהר פון דערוועקען אַ שנאה און אַ קנאה פון

די אַנטי־ציוניסטישע אַראַבער, וואָס דאָס קען פיהרען צו אַן אומ־רוהיגער באַוועגונג צווישען די אַראַבער, און אפשר גאָר צו איבער־פאַלען און פּאָגראָמען... הינטער דיזער אָפּאָזיציאָנעלער אַגיטאַציע געגען דער גרויסער צוגרייטונג צו דעם היסטאָרישען פייערליכען יום טוב פון דער „פּתיחה" איז געשטאַנען, ווי אַלע האָבען דאָס געוואוסט, ניט קיין אַנדערער ווי אוסישקין... דאָס ערקלערט שוין ממילא דאָס וואָס פילע האָבען ניט פאַרשטאַנען און געוועזן אפילו אומצופרידען, וואָס בשעת עס איז געפייערט געוואָרען די „פּתיחה" מיט אַזאַ אומגעהויערען גלאַנץ און פּראַכט און וואָס אין דער געגענ־וואַרט פון די גרעסטע מענשען און שרים פון דער וועלט האָט ווייצמאַן געקראָגען אַ כבוד פון אַ מלך, איז אוסישקין געזעסען כאָבל בין החתנים...

אָט דאָס איז געווען אוסישקינס עונש, וואָס ער האָט, הייסט עס, דאַמאָלסט כשר און עהרליך פאַרדינט...

צווישען פילע אַנדערע באַקאַנטשאַפטען, וואָס איך האָב זיך ערוואָרבען אין האָטעל אין טבריה, איז דר. חורגין פון תל־אָביב, דער טרעזשורער פון הרצליה גימנסיה, זעהר אַ ליבער און העכסט אינ־טעליגענטער אַלטיטשקער; ה' עזריהו, דער „מנהל לשכת החנוך", דער הויפּט פון עדיוקיישאָן דעפּאַרטמענט אין ארץ־ישראל, און ה' תשבי, „מנהל לשכת המסחר ותעשיה", דער מיניסטער פון קאָמערץ און אינדוסטריע. פילע אָווענטען פלעגען מיר פאַרברענגען אין דער געזעלשאַפט פון ה' תשבי און ער פלעגט אונז דערצעהלען פון די פילע אויפטואונגען, וואָס זיין לשכת האָט געמאַכט און האַלט אין מאַכען אויפ'ן געביט פון האַנדעל און אינדוסטריע, וועלכע פאַר־שידענע עקספּערימענטען עס ווערען געמאַכט אין פיש אינדוסטריע אויפ'ן כנרת, אין שטיינהאַקען און אַנדערע צווייגען פון אינדוסטריע.

מיר האָבען זיך איבערצייגט אַז אַבי נאָר געלט, געוויס קאַפּי־טאַל וואָס זאָל אַריינקומען אין לאַנד, וואָלט ארץ־ישראל זיך געקענט זעהר שנעל ענטוויקלען און ווערען ניט נאָר אַגריקולטורעל, נאָר אויך אינדוסטריעל איינע פון די רייכסטע לענדער אין דער וועלט.

## אַ פּאַטש מעיאָר דיזענגאָף

מיט איינעם אויך אַן אינטערעסאַנטען טיפּ האָבען מיר זיך באַקאַנט אין אונזער האָטעל, אויך אַ תל־אביב׳ער בעל־הבית, שאול לעווין, אַ רייכער מאַן, שוין זעהר אַ רייכער. צוריק מיט דרייסיג יאָהר אַריבערגעקומען פון רוסלאַנד, זיך גוט אָנגעמוטשעט און יעצט איז ער אַן אימפּאָרטער פון אייזען און בילדינג מאַטעריאַל מיט פיליאַלען איבער גאַנץ ארץ־ישראל. ער איז אַרונטערגעפּאָהרען מיט זיין פרוי און טעכטערעל, אַ גענעדיגטע תל־אביב גמנסיה, קיין טבריה אויף אַ וואַקיישאָן. ער אַליין, אַ קליינער תלמיד־חכם, און רעדט דאָך אַ שעהנעם העברעאיש, ווייל דאָס הויז, די קינדער און די סביבה איז דורכאויס העברעאיש. איך פלעג ליב האָבען קוקען אויף דעם אידען, וואָס זעהט אויס מיט זיין צוקעמטער אַרומגע־שוירענער באָרד, גרויסע וואָנצעס און רויטען קאָפּ, ווי אַ רוסישער „קופּעץ”, אַ מאָסקווער פּאָניע. און מערקווירדיג, ווי די פּאָר־צעהנדליג יאָהר פונם אוירא דארץ־ישראל אין וועלכען ער געפינט זיך און וואו ער האָט ערצויגען זיינע קינדער, האָבען אָפּגעווישט פון איהם יעדען שפּור פון עם־הארצות... אַ באַווייז ווי אמת עס זיינען די ווערטער „אוירא דארץ־ישראל מחכים”. ער האָט מיר איינמאָל אין אַ פריינדליכען שמועס דערצעהלט וועגען זיינעם אַ חטא פון פריהעריגע יאָהרען, אויף וועלכען, נאַטירליך, ער האָט פיל תשובה געטאָן און איז נאָך היינט פול מיט חרטה אויף דעם. דאָס

איז געװען נאָך אײדער ער האָט זיך, אַזױ צו זאָגען, ארצישראליזירט און ער איז נאָך געװען אָנגעשמעקט מיט'ן רוסישען קולאק.

— איך האָב שױן דאַמאָלסט געהאַט אײניגע עטליכע קלײטען אין תל־אָביב אױפ'ן אלטען מארק, — האָט ער אָנגעפאַנגען פאַר מיר צו דערצעהלען מיט אַ טאָן װי אַ פאַרזינדיגטער. — מײנע קלײטען פלעגען זײן אימער פאַרדונגען, װײל עס פלעגט זיך זעהר גוט לײזען געלט, און טאַקע איבער'ן מארק װאָס איז געװען קעגען־איבער און װאָס פלעגט צוציהען אַ סך קונים. פאַרגלוסט זיך אײנ־מאָל דער „עיריה" (סיטי האָל) צו צונעמען פון דאָרטען דעם מארק און איהם אַריבערפיהרען אױף אַ נײעם פּלאַץ, אָט אױף דעם אָרט װאו עס איז יעצט דער מארק, ארונטער צום ים, לעבען רחוב אַלענבי. עס פאַרשטעהט זיך, אַזאַ זאַך האָט באַלד געװירקט, אַז מײנע קרעמער האָבען זיך אַרױסגעקליבען און מײנע קלײטען )און אַלע אַנדערע קלײטען װאָס געפינען זיך אױף יענעם פּלאַץ האָבען אָנ־געהױבען שטעהן לײדיג). בין איך אַװעק צום מעיאָר דיזענגאָף און הױב אָן טענהן' מיט איהם: „סטײטש, היתכן! איך בין, ברוך השם, אַ איד אַ בעל־הבית, איך צאָהל גרױסע שטײערען דער שטאָדט און איהר געהט און טוט אָפּ מיר און נאָך אַזעלכע אידען װי איך אַזאַ שפּיצעל און נעמט אַװעק דעם מארק פון פאַר אונזערע קלײטען. דענקט איהר ניט, פרעג איך דעם מעיאָר, אַז איהר טוט דערמיט אַ גרױסע עולה צו אונז בעלי־בתים? האָט איהר אַ רעכט, טענה איך װײטער צום מעיאָר, צו טאָן אַזאַ זאַך אָהן אונזער װיסען און אָהן אונזער ערלױבניש?" א ז. װ. א. ז. װ. איך רעד אַזױ מיט ביטערניש און מיט גאַל און מעיאָר דיזענגאָף ענטפערט זיך קאַלטבלוטיג: אַזױ דאַרף דאָס זײן און אַזױ װעט דאָס בלײבען!... װער איך דאָך שױן אין כעס: װאָס איז דאָס פאַר אַן ענטפער „אַזױ װעט דאָס בלײבען". װאָס דענקסטו ביזטו דאָ, רוף איך זיך אָפּ צו איהם, און בין שױן אָנגעצונדען װי פײער, — אַ צאַר?... ביסט פאַסעמו און געננג? װער ביזטו אַזעלכער?... איך געדענק דאָך דיך נאָך פון אַמאָליגע יאָהרען, זאָג איך צו איהם.

דאַמאָלסט ווען דו ביזט נאָך ניט געווען אַזאַ אָדון... א. ז. וו. א. ז. וו. אַזוי אַוועקגעבענדיג איהם ווי אין פסוק שטעהט... ערשט איך הער ווי ער טוט אַ געשריי צום שוטר (פּאָליסמאַן): וואַרפט אַרויס דעם הונט פון דער עיריה!...

אַז איך האָב דערהערט אַזעלכע ווערטער, האָט מיר באַלד אַ זעץ געטאָן דאָס בלוט אין פּנים אַריין און אין איין רגע האָט מיין רעכטע האַנט אָפּגעהילכט אַזאַ פּאַטש איבער'ן מעיאָר'ס פּנים, אַז די ווענט פון דער עיריה האָבען געציטערט...

— וואָס איז געווען ווייטער? — פרעגט שוין ניט! גאַנץ ארץ־ישראל איז געגאַנגען חאָדאָראָם... אַ קליינינקייט אַזאַ סקאַנדאַל! דאָס איז דאָך געווען אַ פּאַטש ניט מעיאָר דיזענגאָף, נאָר גאַנץ תל־אָביב, ניין, — מען קען זאָגען, דעם גאַנצען יודענטום! איך האָב גוט באַגריפען נאָכהער ווי גרויס מיין פאַרברעכען איז געווען. געגנוג געזונט מיט אַ שעהנע פּאָר טויזענט פונט האָט מיך דער עסק אָפּגעקאָסט ביז די זאַך איז פאַרריבען געוואָרען און איך בין ריין געוואַשען געוואָרען...

— נאָך עד היום, געהענדיג איבער תל־אָביב, פיהל איך נאָך אַ סימן פון קין'ס צייכען אויף מיין שטערען... — האָט שאול לעווין פאַרענדיגט זיין טרויעריגען אינצידענט, וואָס ער האָט געהאַט מיט'ן מעיאָר פון תל־אָביב.

# מרדכי בן הלל הכהן

צו די חמי־טבריה פלעגן מיר, די געסט פון אונזער האָטעל, געהן מעהרסטענס בצבור. און עס פלעגט שוין אימער דאָרטען זיין פרעהליך און לעבעדיג. בכלל, אידען ווען זיי קומען אין באָד, זיינען זיי רעדעוודיג, האָבען ליב צו באַשמועסען די גאַנצע וועלט, היינט ווער שמועסט ארץ־ישראל־אידען אין זייער אייגענער חמי־טבריה... ס'איז ניטאָ, דאַכט מיר, קיין פּראָבלעמע אין דער וועלט, וואָס זי איז דאָרט ניט באַשפּראָכען און דיסקוטירט געוואָרען. און די העברעאישע שפּראַך פלעגט קלינגען אַזוי זיס, אַזוי אָנ־גענעם פאַר'ן אויער. אַ חיות צו הערען. אַמאָל האָט איינער גאָר זיך דערמאָנט אַ לידעלע אָדער אַ ניגונ'דעל און דער גאַנצער עולם האָט דאָס אונטערגעכאַפּט און ס'איז געוואָרען „ליהודים"! אָדער איינער פאַרקאַטשעט זיך אויפ'ן חזנ'ישען שטייגער און פאַנגט אָן: אתה זוכר מעשי עולם... און די גאַנצע חברה האַלט איהם אונטער מיט אַ באַם...

איינמאָל ביי אַזאַ סצענע קומט אריין אַן אַלטער מאַן, אָבער נאָך אַ געזונטער שעהנער איד, אַ פול לויטער געזיכט מיט אַ גרוי בערדעל. אַלע אין ברכה באַגעגענען איתם מיט אַ הארצליכען: „שאַלאָם, אדון קאהן!" ער ענטפערט אָפּ לעבעדיג: שאַלאָם, שאַלאָם"! עס האָט גענומען איינגאַנצען אַ פּאָר מינוט און דער אַלטער ריהרעוודיגער מאַן איז שוין געוועזן אויסגעטאָן און אריין

צו אונז אין ברכה. דאָ האָט איהר שוין גאָר ניט געקענט זאָגען אויף איהם, אַז דאָס איז אַ זקן. ער האָט געזונגען, געטאַנצט און געמאַכט קונצען אין וואַסער, טאַקע גאָר ווי אַ יונגערמאַנטשיק... איך בין באַלד צוגעקלעפּט געוואָרען צום דעם אַלטיטשקען. איך האָב איהם געלערענט לידעלאַך און ער מיך. אין זיין שפּראַך מיט'ן ריכטיגען ארץ־ישראל אַקצענט האָב איך עפּעס באַמערקט, אַז דאָס איז ניט אַ איד מכל השנה, אָבער איך האָב ניט געוואוסט ביז ער איז אַוועקגעגאַנגען. נאָכהער זאָגט מיר סופּראַסקי: איהר ווייסט ווער דער אַלטער איז? — דאָס איז מרדכי בן הלל הכהן...

אויפן צווייטען טאָג, אַז איך האָב געזעהן דיזען חשוב'ען אַלטען מאַן, האָב איך זיך באַצויגען צו איהם נאָך מיט מעהר רעספּעקט און כבוד, ווי נאָר עס קומט אַזאַ אַלטען סופר עברי מיט אַזאַ שעהנעם נאָמען, וואָס קלינגט אַזוי אנגענעם זייט צעהנדליגער יאָהרען אין דער העברעאישער ליטעראַטור: מרדכי בן הלל הכהן. איך בין, אויף זיין איינלאַדונג, געוועזן ביי איהם אין „מגדל" — צוואַנציג מינוט רייזע פון טבריה, וואו ער האָט געקוואַרטירט און פון וואַנען ער פלעגט פאָהרען אַלע טאָג צו די חמי טבריה. ער האָט פאַר מיר דערצעהלט פילע עפּיזאָדען פון זיין לעבען נאָך אין רוסלאַנד, וואו ער איז געוועזן אַ מיטאַרבייטער פון רוסישע צייטונגען, און אַז ער האָט זיך אַמאָל פאַרטשעפּעט מיט'ן קיעווער גובערנאַטאָר און אימער האָט ער זיך געהאַלטען שטאַרק מיט זיין נאַציאָנאַלען שטאָלץ. פון רוסלאַנד האָט ער אַריבערגעבראַכט אַהער אַ גרויס פאַרמעגען, אָבער, אַ דאַנק גאָט, ער איז דאָ ניט אָרימער געוואָרען. ער האָט עטליכע הייזער אין תל־אָביב און נחת פון קינדער אויך. דר. רופּען איז זיין איידעם, אחד־העם איז זיינער אַ מחותן...

מיר האָבען לאַנג פאַרבראַכט ביי אַ גלאָז טעה אויף דער ווערענדע פון זיין קוואַרטיר, וואָס איז געוועזן אין איינעם פון די צוועלף מגדל הייזקעלאַך, וואָס אַמעריקאַנער אידען האָבען דאָרטען אַוועקגעשטעלט, און דאָס געסעלע רופט זיך איבער דעם „אַמעריקאַ".

די זון האָט זיך שוין אָנגעהויבען אַרונטערגליטשען פון יענער

זייט בערג אויף איינעם פון וועלכע, ווי מען דערצעהלט, איז דאָ סימנים, אז בר־כוכבא האָט דאָרט געהאַט זיין פעסטונג און גע־פאָכטען זיינע בעסטע שלאַכטען. ניט ווייט זעהען זיך ברייטע פעלדער, באַפלאַנצט אין גלייכע סימעטרישע שורות מיט הונדערטע יונגע אָליווען בוימער. אין דרום זייט, ביי די ברעגען פון כנרת, זעהט מען גאַנצע וועלדער מיט באַנאַנען, טייטלען און אקליפּטוסען. מיינע אויגען קוקען און באַוואונדערען די שעהנע פּאַנאָראַמע וואָס זעהט זיך אַרום מגדל און דער ליבער אַלטער שריפטשטעלער צייגט מיר אָן אויפ׳ן גרויסען האָטעל, וואָס בויט זיך דאָרטען און פרעגט מיך מיטפאַרדרוס:

— וואָרום זיינען זיי געבליבען שטעהן, אייעדע אמעריקאַנער, אין מיטען און ענדיגען ניט דעם האָטעל, וואָס זיי האָבען אָנגע־הויבען בויען? שיקט זיי אַהער, לאָזען זיי קומען, לאָזען זיי זעהן, וועלען זיי גאָר אַנדערש וויסען, גאָר אַנדערש רעדען, און טאַקע גאָר אַנדערש טאָן...

## „דער סבא"

מיט נאָך אַן אַלטעטשקען פלעג איך אָפט פאַרבּרענגען מיין צייט אין טבריה; אינטימע, האַרץ צו האַרץ שמועסען פלעג איך האָבען מיט איהם און ער פלעגט מיר דערצעהלען מעשה'לאך פון טויזענד און איין נאַכט...

דיזער אַלטעטשקער איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי דער באַרג חרמון, „דער סבא", ווי מען רופט איהם. אָבער דאָס פלעגט נאָר מעגליך זיין, ווען דער קלימאַט איז געווען גוט, דער דרויסען קלאָר און לויטער. נאָר דעמאָלט קומט אַרויס דער אַלטער חרמון מיט זיין העל ווייסען שנעע־קאָפּ און שטאָלצירט אין צפון־מזרח פון ארץ־ישראל איבער אַלע בערג אַרום. קוים אָבער בייט זיך דער וועטער און אין דער לופט שווימען אַרויף אַ פּאָר וואָלקענדלאך, אַזוי באַהאַלט זיך באַלד אונזער זקן. ער פאַרוויקעלט זיך און באַדעקט זיך און איהר זעהט איהם שוין ניט מעהר. פון דער וועראַנדע פון אונזער האָטעל, וועלכער שטעהט מיט'ן פנים צו מזרח, פלעגען מיר שטענדיג קענען זעהן געגענאיבער דעם כנרת, דעם „חרמון". ווען דער באַרג איז אָבער פּלוצים ניט געסטייעט, איז נעלם געוואָרען... האָבען מיר שוין געוואוסט באַלד אַז דער קלימאַט וועט זיך בייטען, אַ סימן אויף אומזיכערען וועטער און רעגען. דער בעסטער פּלאַץ, וואו איך פלעג זיך חבר'ן מיט דיזען אַלטעטשקען איז געווען פאַר מיר דער רוף־גאַרדען אויף אונזער

האָטעל, דאָרטען פלעגען מיר זיך פיהלען זעהר נאָהענט איינער צום צווייטען און מיר פלעגען פיהרען פנים־אל־פנים געשפרעכען... ער פלעגט מיר דערצעהלען גאַנצע שטיקער פון זיין ביאָגראַפיע, ווען און ווי ער איז געהויבען געוואָרען ווען דער ירדן האָט אָנגעהויבען פליסען פון אונטער איהם און אויף גלייך איבער־געשפּאָלטען דאָס גאַנצע לאַנד ביז'ן ים המלח אויף צווייען, באַשאַפענדיג דערמיט דעם היסטאָרישען „עבר־הירדן“... וואָס ער האָט איבערגעלעבט און איבערגעזעהען אין אלע זיינע יאָהרען צוזאמען מיט זיינע קלענערע ברידער, דער תבור, דער כרמל, די גלבוע און אַנדערע ביז צו יהודה בערג אין דרום... וויפיל צרות, ליידען און שוידערליכע גרוילטהאַטען ער האָט איבערגע־ליטען און אויסגעשטאַנען פון פרעמדע פעלקער, אָבער שטענדיג געוואַרט און ניט פאַרלאָרען די האָפנונג, אַז ער וועט זיך דאָך אמאָל דערלעבען אויף דער עלטער נחת און וועט ענדליך זעהן ווי „ושבו בנים לגבולם“ — ווען די זיהן וועלען זיך אומקערען צו זייער גרעניץ... און אַ דאַנק און אַ לויב דעם האַר פון דער וועלט זיך דערלעבט אַביסעלע נחת אויף דער עלטער... זעהר אַ ליבינקער אַלטעטשקער... זיינע וואונדער־מעשה'לאך וועל איך אייביג, אייביג געדענקען...

# די טראָיקע

דער רוף־גאַרדען פון אונזער האָטעל איז אימער געווען מיין אָבסערוואַטאָריע, מיין באָאָבאַכטונגס־פּלאַץ. פון דאָרטען פלעג איך זעהן אַלעס אין שטאָדט אונטען און אויף די בערג אַרום. אָט זעה איך ווי אַן אַראַבער פאָהרט זיצענדיג אויף זיין אייזעל, און הינטער איהם, צוגעטשעפּעט אויף אַ שטריק, ציהט זיך אַ לאַנגע שורה מיט קעמלען, פאַרפּוצט די לאַנגע העלזער מיט בלויע קאַרעלען און גלעקלאַך. דער אַראַבער מט'ן אייזעל שטעלט זיך אָפּ. עס שטעלט זיך אָפּ דער גאַנצער לאַנגער צוג פון די מחנה קעמלען. דער אַראַבער נעמט אַרויס אַ שיסעלע מיט אַ געדיכטער שוואַרצער קאַשע, לייגט אריין זיינע פינף פינגער און נעמט אַ פולע האַנט פון יענעם שוואַרצען שטאָף און וואַרפט עס אַלע מינוט אין מויל אַריין. ביים אייזעל, ווייזט אויס, דערוועקט זיך אויך דער אַפּעטיט, און עס הויבט אָן צו הירזשען אויף זיין אייזעלשען שטייגער, און עפּעס אויף אַ מאָדנעם אָריענטאַלישען אופן, פון אָנפאַנג פאַרגייט עס זיך מיט אַ קוויטשעקעל, כליפּענדיג זעהר פּיאַנאָ, פּיאַניסימאָ, און נאַכהער געהט דאָס איבער אין אַ באַסאָווען טאָן און מיט דער גרעסטער פאָרטאָ צערעוועט עס זיך מיט אָפּגעהאַקטע אין אַ גלייכער טעמפּאָ טענער, און צום סוף לאַנגזאַמער און נידעריגער, ביז דער קאָנצערט־סאָלאָ ענדיגט זיך... איך הער זיך איין אין דער

געשמאַקער מוזיק פֿון׳ם אײזעל און עס װערט מיר פֿאַרענטפֿערט פֿאַרװאָס קרילאָװ איז אַזױ געװען בײז אױף איהם פֿאַר זײַן קריטיק אױף׳ן נאַכטיגאַל...

אױב אָבער בײַם אײזעל הינקט אַביסעלע אונטער די קונסט פֿון מוזיק, איז ער אָבער דערפֿאַר אַ העכסטער קנסטלער אין זײַן פֿאַך — אַלס משׂא טרעגער. װי קלײן און נידעריג ער איז — ניט גרעסער פֿון אונזערס אַ דרײַ־מאָנאַטדיגען לאָשעקל — פֿאַרטראָגט ער דאָך די שװערסטע משׂא, װאָס דער אַראַבער לײגט אױף איהם אַרױף, און מיט זײַנע דינע פֿיסעלאַך שפּרײזט ער אַרױף ביז צו די העכסטע בערג און װעט קײנמאָל זיך ניט ספּאָטיקען אָדער אױסגליטשען. אַ פּראָסטער חי וקים, אָהן חכמות, אָבער ער אַרבײט האָרעפּאַשנע און געטרײַ...

דער גמל (דער קעמעל) איז, נאַטירליך, אױך אַ שװערער משׂא־טראָגער. אױף זײַן שמאַטעדיגען, פֿאַרשמאָלצעװאַטען, האָרבאַטען רוקען טראָגט ער גאַנצע בערג מיט משׂא, אָבער דער גמל װערט נאָר גענוצט פֿאַר עקסטרא שװערע משׂא, ניט פֿאַר קלײנע טאָג־טעגלכע אַרבײט, װי דער אײזעל. דער גמל איז פֿון נאַטור אַ פֿױלער... האָט זיך ליב צו פֿאַרטראַכטען גלאַט אַזױ אין דער װעלט אַרײַן... ניט אומזיסט הײסט ער דער „פֿילאָסאָף פֿון דער מדבר“.. דער גמל, פּונקט װי דער אַראַבער, קינדער פֿון׳ם אָריענט, פֿון די פֿעלזיגע בערג און זאַמדיגען מדבר, זײַנען גע־שטימט פֿילאָזאָפֿיש... זײ קוקען אױף אונזער גאַנצער ציװיליזאַציע און מענשליכען פּראָגרעס װי אױף הבל־הבלים — פּוסטע נאַרישקײטען...

— און כמעט נאָך אַ גרעסערער משׂא־טרעגער פֿון בײדען — אי פֿון אײזעל אי פֿון׳ם גמל — איז דער אַראַבער אַלײן... פֿון מײַן באָאָבאַכטונגס־פּלאַץ (דער רוף־גאַרדען פֿון אונזער האָ־טעל) האָב איך ניט אײנמאָל געזעהען װי די אַראַבער טראָגען אַרונטער פֿון די טראָקס, װאָס קענען ניט אַרײַנפֿאָהרען אין די שמאָלע געסלאַך פֿון שטעדטעל, די שװערסטע סחורות, אַרומבינ־

דענדיג זיי מיט שטריק ארום דעם שטערען — משאות, וועלכע
דאַכט מיר, קיין מענשליכע קראַפט פון אייראָפּעער אָדער אַמע-
ריקאנער, איז ניט אימשטאַנד צו טראָגען אויף זיך. דאָך פאר
דער מרגל'שער מורא, אַז „כענקים הם יושבי האָרץ", ווי די ריזען
זיינען זיי די איינוואוינער פון'ם לאַנד, דאַרף מען זך גאָרניט
איבערשרעקען, פונקט ווי פאר די אויבענדערמאָנטע צוויי משאַ-
טרעגערס, דעם אַראַבער'ס חברים, דער גמל און דער חמור...
עס איז נאָך היינט אויך אמת דאָס תלמודישע וואָרט „עם הדומה
לחמור" — אַ פאָלק גלייך צו איין אייזעל... דער גמל, דער
חמור און דער אַראַבער איז ווי פון דער נאַטור אליין אַ זעהר
צוגעפּאַסטע „טראָיקע"...

# ערב שבת אין טבריה

אינטערעסאנט פלעגט זיין פאר מיר צו שטעהן אויפ'ן דאַך פון אונזער האָטעל פרייטאג נאָך האַלבען טאָג, ווען דער שבת הויבט זיך אָן אריינרוקען אין שטעדטעל. איהר זעהט אינגלאַך מיט שבת'דיגע קאַפּאָטקעלאך און לאַנגע פאה'קעלאך; מיידלאַך מיט אויסגעצוואָגענע קעפּלאך און פארפּלאָכטענע צעפּלאך; פרויען מיט קאָלירטע פּאַטשיילעס אָריענטאַליש ארומגעבונדען אַרום די קעפּ זיצען שוין אויסגעזעצט אויף דער ערד ביי דער זייט פון'ם שליאַך און קנאַקען קערלאך... באַלד זעהט איהר אידען מכל המינים: תימנ'ער, בוכאַרער, גרוזינער, ספרדים, אשכנזים און פּוילישע און נאָך און נאָך פארשידענע אידען מיט רויטע יארמולקעס, סאַמעטענע קאַפּעליושלאך, גוט־אידישע פוטערנע שטריימלאך מיט ווייסע לאַנגע, ביז דער ערד אנצוגען, ווי נאַכט־העמדער, און אויף זיי זשיפּעצעס פון זייד אַטלעס און סאַמעט פון אַלע פארבען וואָס אין רעגענבויגען. דאָס געהען די אידען אין שוהל אריין מקבל שבת זיין... אָט אויף דיזע אידען האָט זיך דאָס אויפגעהאַלטען ארץ־ישראל די גאַנצע צייט, ביז עס האָט זיך דערלעבט די נייע באַוועגונג... אָט דיזע אידען זיינען דאָס די יעניגע וואָס זיינען אימער געווען דער סימבאָל פון קבוץ־גלות, וועלכע ניט פארשטעהענדיג איינער דעם אַנ־דערענס שפּראַך, האָבען זיי די ערשטע אָנגעהויבען נוצען „לשון־

הקודש" אלס פאָלקס־שפּראַך, און זייער הברה (אויסשפּראַך) איז אָנגענומען און טאַקי פארבליבען עד היום אַלס די אמת'ע און ריכטיגע הברה. און איך האָב געפיהלט אין מיין הארצען עפּעס אַ באַזונדערע דאַנקבאַרקייט צו דיזע אַמאָליגע ארץ־ישראל אידען, וועלכע געפינען זיך אין גרעסערע צאָהלען אין אַלטען ירושלים, אין צפת, יפו און אין אַנדערע שטעדט איבער ארץ־ישראל. און איך האָב ליב באַקומען דיזע אידען, וועלכע, דעם אמת געזאָגט, זיינען זיי דאָך געווען די ריכטיגע פּיאָנירען... זייער פרימיטיוויטעט, זייערע זיטען, מאַניערען און זייער קליידען זיך? — נישקשה, דער נייער דור פון זיי וואַקסט און ווערט ערצויגען שוין גאָר אַנדערש. די בתי־ספר מיט די גמנסיה'ס איז אַ גוטער שמעלץ־טאָפּ פאר דער יוגענט.

## אידישע און אראבישע חתונות

איינינע מאָל האָב איך באָבאַכטעט פון מיין פּאָסטען אופ'ן רוף־גאַרדען פון האָטעל, דורכמארשירענדיג דורך דער הויפּט גאַס חתונה־פּאַראַדען, סיי אידישע און סיי אַראַבישע. „אידישע" מיין איך, פארשטעהט זיך, די אַלט־פּרענקישע, תימנער אָדער שפּאַניאָלישע און נאָך אַנדערע מינים אידען, דער גוטער יאָהר ווייסט זיי דאָרטען אַלע... דער פּאַראַד איז צוטיילט אויף צוויי חלקים, אַ מענערשער און אַ ווייבערשער. פריהער געהען די מענער מיט'ן חתן, נאכהער די ווייבער מיט דער כלה. פּאָר־אויס געהט די מוזיק, וואָס באַשטעהט פון אַ פידעל, אַ פּלייט און אַ פויק. דער פויקער באשעפטיגט זיך ווענינ מיט פויקעריי, ווייל זיין פּראָפעסיע איז גאָר בלעכעריי, נאָר אויף אַ חתונה, אז מען בעט איהם, זאָגט ער זיך ניט אָפּ און נעהמט זיך צו דער פויק. אַליין איז ער אַ איד שוין פון אַ יאָהר זיבעציג, מיט אַ לאַנגער באָרד און פּאות, מיט אַ קאַפּאָטע ביז דער ערד, אַ טלית־קטן מיט צוויי לאַנגע ציצית, און פון אויבען די פויק מיט אַ רימען אויפגעהאַנגען איבער'ן האַלז, און ער פיהרט די חתונה... די פרויען געהען נאָך און פּליעסקען די גאַנצע צייט מיט די הענט און אין מיטען די כלה אָנגעטאָן אין אַ ווייס קלייד, און דער קאָפּ און פּנים פאַרדעקט...

נאָך שעהנער און אינטערעסאנטער איז אַן אַראַבישע חתונה. דער חתן אָנגעטאָן אין קליידער פון די רייכסטע פארבען, דער

קאָפּ איינגעוויקעלט אין אַ ווייסען שאַל, אויף וועלכען עס זיצט אַ ווייסער זיידענער בייגעל, נאָכ'ן העכסטען געשמאַק פון אָריענט; ער פאָהרט אויף אַ שעהנעם געזונטען פערד, באַלייגט פול מיט בלומען. פון ביידע זייטען פון חתן, מיט די פנים'ער צו איהם, געהען איינגעטוליעט איינער צום צווייטען צוויי לאַנגע שורות אראַבער און בויגענדיג זיך מיט די קעפּ נעגען חתן ביז צו דער ערד און פּליעסקענדיג מיט די הענט אונטער'ן טאַקט פון דער פויק, וואָס געהט פאָראויס, רוקען זיי זיך מיט דער זייט און מאַרשירען איבער דער שטאָדט. דער פאָטער געהט פאַר'ן פערד און טאַנצט, און די מוטער לאָזט ארויס אַלעמאָל אַ ווילדען משונה'דיגען קוויטש, וואָס געדויערט אַ פּאָר מינוט, און פאַר־ענדיגט יעדעס מאָל מיט אַ וואונדערבאַרער שנעלער באַוועגונג מיט'ן צונג, און עס קומט ארויס עפּעס ווי אַ אינדיקשער ראַלדי, ראַלדי, ראַלדי, ראַלד....

אַזאַ מאַרש ענדיגט זיך ניט אין איין טאָג. די שמחה פאַר־ציהט זיך צוויי און דריי און אַמאָל מעהר טעג....

## ווי מען לערנט תנ"ך אין ארץ־ישראל

איינמאָל האָב איך פון מיין „אָבסערוואַטאָריע" דערזעהן פונ'ם בארג אראָפּ פון צפון־זייט א גרויסע מחנה פון אויטאָ־באָסעס, א גאַנצער קאַראַוואַן, וואָס האָט זיך געצויגען דורך „קרית שמואל" אין שטאָדט אריין. באַלד האָט זיך דערהערט א זינגען מיט א שפּילען אויף א האַרמאָניקע. פריילינע יונגע קולות, מיט א געלעכטער און א געפּילדער, וואָס האָט אָנגעפּילט דעם גאַנצען טאָל פון כנרת. די אָוטאָ־באָסעס זיינען געווען דעקאָרירט מיט ווייס־בלויע פאָנען און מיט אויפשריפטען: „תלמידי גמנסיה־הרצליה" בתיור על פני גליל, — די תלמידים פון דער גמנסיה „הרצליה" אויף א טור איבער'ן גליל. מיט ראש און שזעם זיינען אלע אָוטאָס דורכגעלאָפען פארביי אונזער האָטעל און אוועק צו די חמי־טבריה. נאָר איין אָוטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבען אונז, פון וועלכען עס איז ארונטער־געגאַנגען דר: מאָסנעזאָהן, דער דירעקטאָר פון דער גמנסיה, מיט זיין פרוי. איך פרעג דר. מאָסענזאָהן צוליב וועלכען צוועק ווערט געמאַכט דיזער טור, און ער דערצעהלט מיר, אז אזעלכע „תיורים" (טורס) מאַכען זיי אלע יאָהר, ווייל דאָס ברייננט גרויסע נוצען די תלמידים, סיי פאר'ן קערפּער, מחמת דער פרייער רייזע אויף דער ריינער לופט און ווארימער זון, און סיי פאר'ן גייסט, פאר דער יונגער אידשער נשמה צו זעהן מיט די אייגענע אויגען, צו לערנען און שטודירען יעדעס ווינקעלע פון'ם לאַנד, און דאָס

קניפּט צו און שטאַרקט אין דער גרעסטער מאָס די ליבע צום פאָטערלאַנד. לעצטען יאָהר האָבען זיי געמאַכט אַזאַ רייזע איבער יהודה, און היינטיגס יאָהר איבער'ן גליל. אַזוי יעדעס יאָהר איבער אַן אַנדער חלק פון'ם לאַנד, און אַזוי אַרום ווערט אויך אגב דער תנ"ך געלערנט פון'ם מקור. דאָ וועלען זיי פאַרברענגען אַ פּאָר שטונדען, זיך באַקענען מיט דער לאַנדשאַפט, מיט די חמי־טבריה און מיט די קברים וואָס געפינען זך דאָ, ווי ר' מאיר בעל־נס, רבי עקיבא'ס און אַנדערע, און נאכהער פאָהרט מען ווייטער צום צפון פון צפת.

דר. מאָסענזאָהן און פרוי האָבען נאָר אָפּגעגעסען מיטאָג ביי אונז אין האָטעל, האָבען זיך גלייך געזעגענט מיט אונז און זיך אָנגעהויבען גרייטען צו דער רייזע. באַלד איז די לופט ווידער פול געוואָרען מיט רויש און ליאַרם פון די הונדערטע תלמידים און תלמידות, וועלכע האָבען אין דער פראָנט פון אונזער האָטעל זיך אויסגעמושטירט צו דער ווייטערדיגער רייזע. אַ שעהנע, וואונדער־שעהנע פּאַנאָראַמאַ! מיר זיינען געשטאַנען, צוגעקוקט און באַוואונדערט ווי אַזוי מען לערנט מיט'ן יונגען דור תנ"ך אין ארץ ישראל...

# מיט אַ שיפל איבער'ן כנרת

איינמאָל אין אַ פרייטאג האָבען מיר, די געסט פון'ם האָטעל, צוזאמען באַשלאָסען צו שיפען זיך איבער'ן כנרת. יענעם טאָג איז דער כנרת זעהר רוהיג און שטיל געווען. דאָך האָט מען אונז געראטען מיר זאָלען ווייט ניט אַוועקשווימען, ווייל כאָטש אַ קליינער ים (אַן אָזערע) און קוקט אימער אויס אַזוי אומשולדיג און סטאַטעטשנע, צושפּילט ער זיך אָבער, איז ער מסוכן, ערגער מאַנכעס מאָל ווי זיינע גרעסערע ברידער, די גרויסע אמת'ע ימים. אַזוי איז די וואַסער אין איהם וויים, מיט אַ ליכטיגען קאָליר, זעהר לויטער און געשמאַק צום טרינקען. צובייזערט ער זיך אָבער באַקומט ער אַן אַנדערען קאָליר, עפּעס אַ משונה'דיג גרינעם קאָליר, און דערקענסט איהם שוין ניט מעהר. עס איז גאָר ניט דער כנרת, און ווען עס ווערט אין איהם אַמאָל באַרסטאמפּעט אַ שיפעל ווייט פון'ם ברעג אין אַזאַ צייט, איז מעג דאָס זיך שוין אָפּגעזעגענען... ארויסראַטעווען זיך פון זיינע נעגעל איז דאמאָלסט זעהר, זעהר שווער... פילע מענשליכע לעבענס, דערצעהלט מען, האָט ער אויף זיין געוויסען, אָט דער „שותק", וואָס פיהרט זיך אויף שטענדיג אזוי בתמימות'דיג און רוהיג. ערשט ניט לאַנג האָט אַ אידישער יונגערמאַן, טאַקי פון דערבייאיגער קאָלאָניע „כנרת", פאַרלאָרען דאָרטען זיין לעבען. ער איז געפאָהרען כאַפּען פיש און איז צו ווייט אַוועק, און אין מיטען דערינען האָט דעם ים באַפאַלען די חאַנדרא. דער

יונגערמאַן איז דווקא געווען אַ גוטער פּישער, האָט שטאַרק גע־קעמפט פאַר זיין לעבען, אָבער רעטען האָט ער זיך ניט געקענט.

מיר האָבען זיך אַוועקגעלאָזט מיט אונזערע שיפלאַך, גע־פיהרט פון געאיבטע אַראַבער, מיט דער לענג פון׳ם ברעג, אויפ׳ן וועג צו „מגדל".

איך האָב אויך ניט פאַרגעסען מיטצונעמען מיט זיך מיין פישינג־אינסטרומענט, וועלכען איך האָב געפיהרט מיט זיך נאָך פון אַמעריקאַ. גרויסע האָפנונג האָב איך געהאַט אויף די כנרת פיש, וועלכע זיינען אַזוי באַריהמט אין זייער פילפּאַכער צאָהל און פאַרשידענע מינים (פערציג סאָרטען), אַז זיי וועלען מיך, אַן אַמעריקאַנער גאַסט און אַזאַ ציוניסט ווי איך בין, מסתמא ניט פאַרשעמען און מיך באַעהרען מיט אַ וויזיט, און טאַקע אויך עפּעס געניסען און אַ ביס טאָן פון דעם כיבוד וואָס איך האָב פאַר זיי צוגעגרייט — די קליינע שיינע פישעלאַך אויף די שפּיציגע האַטשיקעס... אָבער איך בין גוט אַנטוישט געוואָרען. איך האָב זיך באַלד איבערציינגט, אַז די כנרת פיש ווילען אַבסאָלוט מיט מיר קיינע קענטשאַפט ניט פאַרפירען. זיי איגנאָרירען מיך אינגאַנצען. צו שטאָלץ זיינען זיי, קענטיג, מיט זייער שטאַם, מיט זייער יחוס צו פיהרען חבר׳שאַפט מיט אַ גלות אידען...

די זון האָט באַדעקט מיט לאַנגע פאַסען גאָלד דעם גרינען קרישטאָלענעם שפּיגעל, איבער וועלכען עס האָבען זיך ווי קאַטש־קעלאַך געגליטשט אונזערע שיפלאַך איינע נאָך דער צווייטער.

אויף אונזער שיפעל זיינען געווען מיט אונז די טשאַפּמאַנס, אונזערע שיקאַגאָער פריינד, און ה׳ איזמאַזשעק מיט דער פרוי, פון תל־אביב. באַלד האָט דער רוח השירה אַרונטערגענידערט צו אונז. ה׳ איזמאַזשעק האָט אָנגעפאַנגען זינגען און מיר אַלע האָבען אים אַקאָמפּאַנירט, זיין באַליבטען זמר „ממצרים גאלתנו", מיט אַ מעלאָדי, וואָס זינגט זיך אַזוי פריי און ברייט און קלינגט עפּעס ווי די באַקאַנטע רוסישע „ווניז פּאָ מאַטושקע פּאָ וואָלגע"...

אָבער דאָס איז ניט געווען די וואָלגאַ און ניט דער דניעפּר, דאָס איז געווען דער כנרת, וואָס צושפּרייטענדיג זיך אינ׳ם געשטאַלט פון אַ פידעל (כנור — און איבער דעם, דערצעהלט די אגדה, הייסט ער כנרת), האַלט ער אין זיינע געדערים דעם ירדן, וועלכער, ציענדיג זיך פונ׳ם אויבערשטען גליל, פליסט ער גאַנצערהייט, ווי אַ הייליגער דורך דער גאַנצער לענג זיינער ביז ער געהט אַרויס דורך דער אַנדערער זייט אויפ׳ן וועג צום ים המלח...

„ממצרים גאלתנו“ — האָבען מיר אַלע געזונגען און אונ־טערגעכאַפּט מיט׳ן צוזינג גאַל־גאַל־גאַל־תנו“...

איז דאָס שוין די גאולה, די אמת׳ע גאולה? וועלען מיר מעהר קיינמאָל קיין מצרים׳ס ניט האָבען אויף אונז? הלואי, גאָטעניו!)

און אַזוי זיינען מיר געשוואומען מיט אונזערע שיפלאַך איבער׳ן כנרת, לאַנגזאַם און מיט געזאַנג, ביז צו די ברעגען פון „מגדל“, פון וואַנען די הויכע תמרים און אקליפּטוסען האָבען אַראָפּגעוואָרפען זייערע לאַנגע שאָטענס טיעף אין די אָפּגרונטען פון ים...

און ווען מיר זיינען געקומען צוריק פון אונזער „ים־רייזע“, איז שוין די ערב־שבת׳דיגע זון געווען אין גרויס איילעניש אונז צו פאַרלאָזען, און אין האָטעל האָט זיך שוין געהערט דער געשמאַקער און באַ׳טעמ׳טער ריח פון שבת׳דיגע פיש, די פיש פון׳ם כנרת...

# אַ בריוועלע צו די קינדער.

טבריה, פעברואַר 15, 1926.

טייערע און ליבע קינדער. —

עס איז יעצט נאָך זונזעצונג. מיר זיינען געשטאַנען ביז יעצט מיט די אַנדערע געסט פון'ם האָטעל אויף דער וועראַנדע. די זון האָט אַ גאַנצען טאָג געלויכטען און געוואַרעמט, פונקט ווי ביי אונז אין יולי, און אַז זי איז נאָר צוגעקומען צום האָריזאָנט האָט זי זיך געטאָן מיט אַמאָל אַ קייקעל אַרונטער די בערג און איז פאַרשוואונדען... אַזוי טוט זי אונז אָפּ שטענדיג... טאַקע אויף טערקיש... ביי אונז (דאָס הייסט, דאָרטען, ביי אייך...) גע־דויערט דער פּראָצעס פון זונזעצונג מעהר־ווייניג. דאָ גאָר ניט. מיט אַמאָל וואַרפט זי זיך אַרונטער פון די בערג און שוין ניטאָ איהר... ברייטע שאָטענס קומען באַלד אַרויס פון זייערע באַ־האַלטענע ערטער און באַדעקען דאָס געזיכט פון דער ערד... נאָר די שפּיצען בערג פון אַקעגען אין מזרח, זיי זעהען נאָך די זון און ווילען זיך מיט איהר אַזוי גיך ניט שיידען באַזונדערס דער „חרמון" (דער גרעסטער באַרג אין לאַנד) מיט זיין שניי־באַדעקטען קאָפּ, ער ציאַפּעט זיך אָן אין דער זון און האַלט זיך אַזוי אַ לאַנגע צייט... ער איז אַ מיוחס, ער האַלט זיך העכער פון אַלע אַנדערע... און זעהט די זון סיי אין דער פריה, סיי פאַרנאַכט מעהר פון אַלע אַנדערע נידעריגע באַשעפעניש'ען

מיר זיינען געשטאַנען אויף דער וועראַנדע ביז עס זיינען

פארשוואונדען אלע פארשידענע פארבען פונ'ם הימעל, וואס די זון האט איבערגעלאזט פאר א זיי־געזונד... דער ים כנרת, וואס אין איהם האבען זיך אויך אפגעשפיגעלט יענע אלערליי פארבען, האט אויך אנגעהויבען טונקעל ווערען און וויקעלט זיך ביסלעכווייז איין אין א נאכט־העמד... צייט צו שלאפען...

מיר זיינען אריין אלע אין סאלאן. אלע געסט באזעצען זיך באלד ארום דער מאמען און מיר, זיי ווייסען שוין, אז לעבען אונז זיצענדיג געניצט מען שוין ניט... אבער איך האב זיך אויסגעדרעהט פון זיי און אוועק צו מיר אין צימער אייך אנ־שרייבען א בריף. —

איך נעם נאר די פען אין האנד, און איידער איך בין פארטיג געווארען מיט דער זון און האב זיך אפפארעט מיט די בערג און מיט'ן כנרת און אנדערע קלייניגקייטען — אהא! מען קלינגט שוין צום עסען... קלינג, קלינג, קלינג!! — איינס! צוויי! — נו, מוז מען אלעס אוועקווארפען און געהן עסען, א ברירה האט מען?! —

אין עס־ציער זיינען שוין אלע אויסגעזעצט. מיר זיינען שוין די לעצטע. מיר, „אדון וגברת פושקאף“, ווערען באגעגענט פון יעדען מיט א שמייכעל... מיר זיינען דא די איינציגע אמעריקא־נער. אלע כמעט זיינען אדער ירושלים'ער אדער תל־אביב'ער אלרייטניקעס. און זיינען טאקע אלע גוט אפ, אזוי אויף דער אמת'ן. איינער א פרענקישער איד פון ירושלים איז דא דא מיט זיין פאמיליע. זאגט מען, אז ער פארמאגט א האלבען מיליאן דאלער — און א חזיר איז ער נאך א גרעסערער... די תל־אביב'ער, אבער, וועלכע זיינען מעהרסטענס אמאליגע רוסישע אי־דען, זיינען שוין גאר אנדערש... פיהרען זיך פיין, בעלי־בתיש, זאגאר אריסטאקראטיש...

ס'איז פרעהליך אין עס־צימער, מען קנאקט אלע אויף העב־רעאיש... באזונדערס די פרויען... זיי ווילען קיין ווארט ניט אויסריידען, סיידען אין העברעאיש... אויב ניט העברעאיש

איז מען איגנאָראַנט... פונקט ווי ביי אונז מיט ענגליש, אזוי איז דאָ מיט העברעאיש...

מען דערצעהלט דאָ אַ מעשה'לע, אַ שעהן מעשה'לע פון ליידי סעמועלס, הערבערט סעמועלס, דעם פריהערדיגען הויי־קאָ־מישאָנערס ווייב. — זי האָט זיך געפונען אויף אַ באַנקעט אדער אזוי עפּעס אַן אוועקט, וואו עס איז געווען די סמעטענע פון דער אידישער געזעלשאפט, ווי ווייצמאַן, סאָקאָלאָוו, אחד־העם, שמריהו לעווין, ביאַליק — אַלע מיט די פרויען. די שפּראַך, נאַטירליך, איז געווען העברעאיש. ליידי סעמועלס האָט זיך שוין דעמאָלט געלערענט העברעאיש. זי האָט שוין געוואוסט אַ פּאָר הונדערט ווערטער. די מעהרסטע ווערטער זיינען, פאַר־שטעהט זיך, הויזליכע, פאַר'ן טעגליכען געברויך, ווי למשל: בית — אַ הויז; שלחן — אַ טיש; ספסל — אַ באַנק; מכנסים — הויזען (פלודערען...); משקפים — ברילען, און אזוי ווייטער.

ליידי סעמועלס האָט זיך יענעם אבענד שוין געפּרובירט באַנוצען מיט אַ פּאָר העברעאישע ווערטער, וועלכע זיינען שוין געווען איהר באַקאַנט. דערווייל האָט זיך געמאַכט איהרע ברילען האָבען עפּעס ניט געפּסטייעט. ליידי סעמועלס קוקט זיך ארום אויף אַלע זייטען און זוכט די ברילען. מאַדאַם ווייצמאַן פרעגט זי אין העברעאיש, וואס זי זוכט, און ליידי סעמועלס ענטפערט אויך אין העברעאיש אויף אַ קול, אַז זי זוכט: איהרע מכנסים!...

זי האָט נעבאַך פאַרביטען משקפים (ברילען) אויף מכנסים (הויזען)...

אָט אַזעלכע מעשיות טרעפען זיך דאָ אין ארץ־ישראל...

נאָכ'ן עסען ווילען אונז די געסט ניט אָפּלאָזען. מיר זאָ־לען נאָר געהן מיט זיי אין סאַלאָן. מיט אונז וועט זיין פרעה־ליכער אָבער איך ענטזאָג זיך. מאָרגען נעהען אָפּ שיפען, דאַרף מען צוגרייטען אַ בריוועלע אהיים.

איך בין שוין ווידער אין מיין צימער און האַלט שוין ווי־־ער די פען אין האַנד, און שרייבען איז דוקא דאָ פיל, זעהר

פיל, ווייל מיר פאָהרען שוין צו ביסלעך אויס, און אז מען פאָרט, זעהט מען זאכען, ערטער און לאנדשאפטען, סיי היסטאָרישע פון דער אמאָליגער פארגאנגענהייט, סיי פון דער לעצטער געגענווארט און וואס פארשפרעכט א גלענצענדע צוקונפט אָבער איך וועל דאָס אָפּלייגען. איך בין עפּעס ניט שטארק אויפגעלייגט יעצט זיך „צו לייגען". מיר ליגט שוין אין קאָפּ די היים... די מאמע לאַכט יעצט פון מיר...

— אהא! וואָס הערט זיך? — זאָגט זי — עס האָט דיך שוין אויך אָנגעריהרט? יעצט גלויבסטו שוין?

נו, וואס ענטפערט מען איהר? איך שלינג אראָפּ און שווייג... איך האָף אז די צייט וועט באלד אריבער און מיר וועלען פארענדיגען אונזער טריפּ אזוי ווי מיר האָבען איהם אָנגע־פאנגען, און דעם 23טען אפּריל וועלען מיר אי"ה קומען בשלום מיט דער „לאפּלאנד".

די וואָך וועלען מיר זיך בוקען פאר דער לפּאלאנד. דערווייל זייט מיר געזונד, מיינע ליבע קינדער און אייניקלעך. איך קוש אייך פיל מאָל.

אייער פאָטער און זיידע.

פנחס.

# אַ טאָג אין „עמק"

„עמק" איז אַ פאַרקירצונג פון „עמק יזרעאל", דער גרעסטער טאָל אין ארץ־ישראל, און אויך דער פעטסטער און פרוכט־באַרסטער. טאָלען אָדער עמקים זיינען פאַראַן אין לאַנד זעהר געננג. דאָס גאַנצע לאַנד איז אָדער באַרג אָדער טאָל — הר ועמק — און אַזוי ווי יעדער באַרג האָט אַ נאָמען אַזוי האָט יעדער וויכ־טיגער עמק אויך אַ נאָמען, ווי למשל: „עמק־יהושפט", „עמק־הירדן", „עמק־השרון" א. ז. וו. דאָך, ווען מען זאָגט „עמק" מיינט מען דאָס נאָר דעם עמק־יזראעל". דער „עמק" איז ארומגערינגעלט מיט די הרי גלבוע און הר־תבור פון מזרח, מיט'ן כרמל פון צפון־מערב און מיט די הרי שומרון פון דרום־מזרח זייטען. דעם עמק זיינען מיר דורכגעפאָהרען פילע מאָל, ווייל פאָהרענדיג פון חיפה קיין תל־אביב אָדער פון ירושלים קיין טבריה, סיי מיט'ן אייזענבאהן סיי מיט'ן אויטאָמאָביל האָבען מיר געמוזט דורכפאָהרען דעם עמק און דארום זיינען מיר מעהר־ווייניג געווען שוין פון פריהער באַקאַנט מיט זיין אויסערליכען אויסזעהען, מיט זיינע קאָלאָניעס, מושבות און קבוצות, וואָס בליסטשען פון ווייט, ווייט, נאָך אויף די בערג פאָהרענדיג, ווי גוטע, טייערע אריינגעזעצטע דימענטען, און מיט זיינע, פון פארשידענע קאָלירען באַוואַקסענע פעלדער און פריש צואַקערטע פאַסען ערד, וואָס קוקען אויס ווי די טייערסטע אָריענטאַלישע טעפּיכער...

איין טאָג אָבער, אַ טאָג פון פריה ביז נאַכט, האָבען מיר

אינגאַנצען אָוועקגעגעבען פאַר'ן „עמק", אום אַביסעל מעהר צו וויסען, מעהר צו שטודירען דאָרט די קאָלאָניעס, אויף וויפיל עס איז נאָר מעגליך. מיט אונז זיינען אויך יעצט, ווי אימער, מיטגעפאָהרען אונזערע שיקאַגאָער פריינד, די טשאַפּמאַנס. דעם אויטאָמאָביל האָבען מיר באַשטעלט נאָך פון נעכטען ביי דער חברת־קדימה, און מר זיינען אַרויסגעפאָהרען פון טבריה זעהר פריה נאָך פאַר זונען־אויפגאַנג.

אָבער ווען מיר זיינען נאָר אַרויס פון'ם טאָל פון דער שטאָדט און אַרויף אויפ'ן באַרג אויף „קרית שמואל", האָבען מיר גלייך דערזעהן די זון זיצענדיג ווי אַ גאָלדענע קרוין אויפ'ן שנעע־ווייסען קאָפּ פון'ם אַלטען חרמון און פאַרשפּרייטענדיג איהר מלוכה איבער אַלע בערג אַרום... מיר זיינען דורכגעפאָהרען דאָס שעהנע, נייע שטעדטעל „קרית שמואל", אויפ'ן נאָמען פון הערבערט סעמועל, מיט איהרע גלייך צושניטענע גאַסען און שעהנע מאָדערנע בנינים'לאַך, וואָס אונטערשיידעט זיך אַזוי שטאַרק פון דער אַלטער שטאָדט טבריה, וואָס אין טאָל, און מיר זיינען אַרויף אויפ'ן וועג קיין נצרת. אויף דער רעכטער זייט, ניט ווייט פון וועג, האָבען מיר געזעהען בליסטשען פון דער זון באַלויכטענע, ווייסע הייזקעלאַך פון דער מזרחישער קאָלאָניע "חטין". ניט ווייט פון דאַנען זיינען מיר אויך פאַר־בייגעפאָהרען די קליינע קאָלאָניע „מצפה". דער אָטאָמאָביל אונזערער איז געלאָפען און געטראָגען אונז איבער די פאַרדרייטע אַרום די בערג וועגען, וואָס האָבען אויסגעזעהען ווי לאַנגע ווייסע שלאַנגען. אונטער אונז, ווייט אין צפון, האָט זיך פון איהר הויך עטוואָס נאָךגעזעהען אַביסעלע די שטאָדט צפת. באַלד האָבען מיר זיך דערנענטערט צו די בערג פון שמרון, צווישען וועלכע עס זעהען זיך די „הרי גלבוע" און גרעסער פון אַלע דער „תבור" מיט זיין קיילאַכדיגער קופּאָלע, ווי אַ גרויסע גיגאַנטישע יאַרמולקע אויפ'ן שפּיץ פון וועלכער עס שטעהט אַ מאָנאַסטיר... אונזער תבור, וואָס נאָך דוד המלך פלעגט זיך ליובויען מיט

איהם און פלעגט איהם שטענדיג דערמאָנען צוזאמען מיט'ן חרמון — תבור וחרמון — טראָגט אויף זיך יעצט, ווי א צוגע־קלעפּטע מכה נעבאך — א מאָנאַסטיר!... מיר זיינען דורכ־געפאָהרען נצרת, דאָס וויגעלע פון יעזוס'ען, אַן אַלטע שטאָדט, געדיכט באַוואוינט דורכאוים פון קריסטען. פון'ם באַרג, אויף וועלכען די שטאָדט ליגט מיט איהרע שטיינערנע הייזער, זעהען זיך פילע קלויסטערס. מיר האָבען אויף איינעם פון די געסלאך דורכפאָהרענדיג געזעהען א פאָנטאַן, ביי וועלכען, ווי עס ווערט דערצעהלט, עס פלעגט זיך וואשען די הייליגע מאַריע... קיינע אידען וואוינען ניט אין דיזער שטאָדט, נאָר א „בית הבראה" (סאַניטאַריום) פאַר ארבייטער, אונטער דער אויפזיכט פון דער „הדסה", איז דאָרטען פאַראַן דאָס איז צוליב דעם געזונטען קלי־מאַט, ווייל די שטאָדט נצרת שטעהט אויף א זעהר הויכען באַרג.

ארויספאָהרענדיג פון נצרת, האָבען מיר גלייך דערזעהן פאַר אונז יענעם שעהנעם רייכען טאָל פון ארץ־ישראל וואָס רופט זיך „עמק־יזרעאל", צולעגט געמיטליך און רוהיג ארומגערינגעלט מיט שומרים גבורים — ריזיגע בערג...

מיר האָבען זיך, שלענגלענדיג, ארונטערגעלאָזט פון די בערג און ארויף אויפ'ן וועג, וואָס שניידט דורך דעם עמק. מיר פאָהרען פאַרביי אידישע פעלדער, זעהענדיג דאָ און דאָרטען חלוצים מיט פערד און אַקעראייזענס עפּענען און צוגראָבען די שוואַרצע, פעטע עמק־ערד... מיט גרויסער ליבע צו אונזערע העלדען־חלוצים און כמעט מיט יראת־הכבוד צו דיזער הייליגער ארבייט, וואָס ווערט געטאָן דורך זיי, באַגריסען מיר זיי מיט א האַרציגען ברידערליכען „שלום"! און מיר באַקומען דעם ענטפער „שלום", וועלכען דער ווינט כאַפּט אויף און קלאַפּט איהם אָן אין די אַרומיגע בערג מיט אַן עכאָ: „שלום! שלום!"... אָט דאָ, הייסט עס, און נאָר דאָ קאָן און וועט זיין שלום על ישראל!...

מיר זיינען דורכגעפאָהרען די ערשטע אויפ'ן וועג די קאָלאָניע

„טראַנסילוואַניע“, וועלכע באַשטעהט פון עטלאַכע צעהנדליג „צריפים“ — הילצערנע באַלאַגאַנעס. מיר האָבען זיך דאָ ניט אָפּגעשטעלט און מיר זיינען גלייך צוגעפאָהרען צו „באַלפוריה“, וואָס איז געבויט דורך דער „ציון קאָמאָנוועלטה“. דורך אַ גרויסען, שעהנעם טויער, איבער וועלכען עס גלאַנצט די אויפשריפט מיט העברעאישע בוכשטאַבען „בלפוריה“, זיינען מיר אַריינגעפאָהרען מיט אונזער אָוטאָמאָביל אויף דער הויפּט גאַס פון דער קאָלאָניע, צווישען צוויי שורות בוימער, וואָס באַדעקען האַלב מיט זייערע געדיכטע צווייגען שעהנע געקאַלכטע הייזקעלאַך מיט דעכער פון רויטע שינדלען, און יעדע הייזקע קוקט אויס ווי אַ פּריצישער הויפעל, און איז איינגעוויקעלט אין חנ'עוודיגען צויבער.

מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט ביי איינעם פון די הייזקעס, אויף וועלכען עס איז אויפגעשריבען דאָס וואָרט „מלון“, ד. ה. אַ האָטעל, אין וועלכען טוריסטען שטעלען זיך אָפּ אום צו דערפרישען זיך אַביסעל מיט אַגלאָז מילך און אַ שאָל סמעטענע פון די פעטע קיה פון'ם עמק, און מאַנכעס מאָל קומט אויס דאָ אויך אונטערצונעכטיגען.

אַ יונגע מיידעל איז באַלד אונז אַרויסגעקומען אַנטקעגען, מיט אַ „בבקשה“, איינלאַדענדיג אונז אין אַ שעהנעם העברעאיש אינ'ם „מלון“; אָבער מיר האָבען נאָר אַ קליינע צייט פאַרווײלט אין דרויסען און מיר האָבען זיך געלאָזט ווייטער מיט אונזער וועג צו „עפולה“, דאָס איז אַ נייע שטאָדט, וואָס בויט זיך אויך דורך דער „ציון קאָמאָנוועלטה“. דיזע שטאָדט וועט זיין דער צענטער פון'ם „עמק“, וואו אלע קאָלאָניעס וועלען קענען איינקויפען זייערע באַדערפניסען, און אויך אָפּזעצען זייערע פּראָדוקטען. דאָ געהט אויך דורך דער אייזענבאַהן, וואָס פאַרבינדעט דעם עמוק מיט'ן גאַנצען לאַנד. מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט נעבען נייעם „כביש“ (שאָסעע), וואָס ווערט דאָרט מיט שוויים נעלייגט דורך די חלוצים, און אויך דאָ, ביי דיזער שטאָדטישער

ארבייט, פונקט ווי ביי דער פעלד־ארבייט, האָבען מיר באַגריסט אונזערע ברידער, די בויער פון אונזער לאַנד, מיט גרויס דרך־ארץ. מיר, אמעריקאנער אידען, האָבען זיך דערפיהלט דאמאָלסט אַז מיר זיינען זייערע בעלי־חובות... גרויסע בעלי־חובות... און זיצענדיג אין אַמעריקא, ווען מיר, דאכט זיך, קיינמאָל ניט אימשטאַנד זיין אָפּצאָהלען די וועקסלען וואָס דיזע געטרייע קינדער פון אונזער פאָלק האָבען געגען אונז...

ארויספאָהרענדיג פון עפולה, זיינען מיר פארבייגעפאָהרען דאָס וועלדעל פון „מרחביה" (די עלטסטע קאָלאָניע אין עמק), „תל־עדש", און אַנדערע „נקודות" (פינטעלאך, אַזוי רופען זיך דאָ די קליינע ישובים), און מיר זיינען צוגעפאָהרען צו „עין־חרוד", די גרעסטע און רייכסטע „קבוצה" אין עמק, און אויך אין גאַנצען לאַנד. „עין־חרוד" הייסט דאָס אָרט צוליב דעם גרויסען קוואַל, וואָס איז דאָרטען פון אייביגע יאָהרען („עין" הייסט קוואַל). דאָרטען געפינען זיך אַריבער דריי הונדערט מענשען. די קבוצה פיהרט זיך אויף אַ קאָמוניסטישער באַלעבאַטישקייט. קיינער ארבייט דאָרט ניט פאַר זיך, נאָר פאַר דער גאַנצער „קבוצה" (גרופּע). מיר האָבען דאָרטען פארבראַכט אַ פּאָר שטונדען. מיר האָבען אויסגעקוקט אַביסעל זייער באַלעבאַטישקייט. מיר זיינען געווען אין קיך — איין קיך פאַר אַלע. דאָרטען זיינען געזעסען עטלאכע מענער און פרויען (די עלטערן פון די חלוצים) און האָבען צוגעגרייט מיטאָג פאַר'ן עולם. ווער סע האָט געשיילט קאַרטאָפליעס, ציבעלעס ווער סע האָט אָנגעשניטען ברויט א. ז. וו. (די עלטערן אַליין האָבען פאַר זיך אַ באַזונדער קיך, וואו עס ווערט מעהר אָפּגעהיט כשרת).

מיר זיינען געווען אין'ם עס־צימער, וואו עס זיינען שוין געווען געגרייט די טישען צו מיטאָג. דורך די אָפענע פענסטער זיינען אריינגעפלויגען גאַנצע מחנות מיט פויגעלאך, וועלענדיג צונעמען ביי די חלוצים זייער ברויט... עס איז אַ גליק וואָס עס איז געווען צוגעדעקט.

מיר האָבען באזוכט די נויוסעריי, וואו עס ווערען געהאָדע־וועט די קינדערלאך פון דער „קבוצה“. אומעטום האָבען מיר געפונען אָרדנונג און אַלעס האָט אויף אונז געמאַכט זעהר א גוטען איינדרוק. מעהר פון אַלעס האָט מיך אינטערעסירט אויסצוגעפינען דעם גייסט ביי די חלוצים. צי זיינען זיי צו־פרידען מיט דעם אָרט לעבען, צי גלויבען זיי אַליין אין׳ם ערפאָלג פון דער קבוצה... און וואָס איז די צוקונפט וואָס זיי ערוואַרטען יעדער פאַר זיך... און עס האָט אונז זעהר געפרייט צו הערען אַז זיי פיהלען זיך גליקליך מיט׳ן קבוצה׳שען לעבען און יעדער פון זיי זעהט פאַר זיך זיין פערזענליכע צוקונפט אין דער אַלגע־מיינער צוקונפט פון דער גאַנצער קבוצה. די חנ׳עוודיגע חלוצקה, לאה, אַ באַקאַנטע אונזערע פון תל־אביב, אַ גימנאַזיסטקע פון רוסלאַנד, און דאָ האָט זי חתונה געהאַט מיט אַ חלוץ, האָט אונז צוגעפיהרט צום קוואַל, וואו פון אונטער אַ גרויסען פעלז פון׳ם „הר חרוד“ רינט זינט טויזענטער יאָהרען ריינע, זעהר געשמאַקע צום טרינקען וואַסער. מיר האָבען זיך אָנגעטרונקען פון׳ם קוואַל. מיר האָבען אַ וואָרף געטאָן אונזער לעצטען בליק אויף דער גאַנצער קבוצה מיט איהרע געביידעס, שטאַלען, די הויכע גרנות (שייערען), וואָס שטעהען שטאָלץ אויפ׳ן באַרג, און באַ־טראַכט דעם שעהנעם, ערהאַבענעם אידעאַל וואָס אונזערע חלוצים ווילען דורכפיהרען, און מיט אַ האַרציגען וואונש פאַר׳ן אַלגע־מיינעם גליק פון אַלע די וואָס בויען אונזער לאַנד, האָבען מיר זיך געזעגענט מיט „עין־חרוד“ און געפאָהרען ווייטער, שוין צום צפון פון עמק, און זיך אָפּגעשטעלט אין „נהלל“. דיזע קאָלאָניע איז די בעסטע, וועלכע האָט זיך שנעל ארויפגעארבייט, אין עמק, כאָטש זי איז פאַרהעלטניסמעסיג נאָך זעהר יונג. דאָרט האָט יעדער קאָלאָניסט זיינע אייגענע הונדערט דונאם לאַנד און מוז די ערד אַליין באַארבייטען אָהן די הילף פון געדונגענע ארבייטער, ווייל דאָרט איז אַ פרינציפּ „עבודה עצמית“ (אייגענע ארבייט). עס פאַרשטעהט זיך, אַז איין קאָלאָניסט דעם אַנדערען העלפען

זיך אימער ארוים אין דער ארבייט. מיר זיינען דורכגעפאָהרען דאָס וועלדעל, וואָס די נהלל'ער האָבען פאַרפלאַנצט, אום אויס־צוטריקענען די זומפּען דאָרטען. מיר זיינען ארומגעפאָהרען דעם גרויסען סקווער, וואָס געפינט זיך אין מיטען דער קאָלאָניע, וואָס באַלאַנגט צו דער געמיינדע פאר געזעלשאפטליכע אינסטי־טוציעס. מיר זיינען פארבייגעפאָהרען דעם „בית־ספר לחקלאות לנערות" (אַגריקולטור־שולע פאר מיידלאך), אָט ווי „מקוה־ישראל", וואָס לעבען יפו, איז פאַר אינגלאך. זעהר אַ שעהנע געביידע און פאַרשפּרעכט צו זיין מיט דער צייט ניט וויינינער נוצבאַר ווי „מקוה־ישראל".

מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט ביי אונזער פריינדין נאַדיאַ, די פרוי פון צבי־יהודה, איינער פון די נהלל'ער שעהנסטע בעלי־הבתים. נאַדיאַ איז די טאָכטער פון אונזער זעהר אַ גוטען פריינד, ב. אַנטאָנאָוו, פון שיקאגאָ), אַ איד אַ תלמיד־חכם, אַ משכיל און אַ גוטער ציוניסט, און כאָטש אין אַמעריקא האָט ער ערצויגען זיין שעהנע און פעהיגע טעכטעריל, נאַדיאַ, אין אידישען נאַציאָנאַלען גייסט, און איינמאָל נאָר זייענדיג אין ארץ ישראל, האָט שוין נאַדיאַ מעהר קיין אַמעריקאנערין ניט געוואָלט זיין, און איז פארבליבען אַן ארץ־ישראל'ער אויף אימער.

ווען מיר זיינען צוגעקומען צום הויז, איז נאַדיאַ ניט געווען אין דערהיים. זי איז געווען אין פעלד ביי דער ארבייט. אין אַ ווייל'ע ארום איז נאַדיאַ — אונזער ארץ־ישראל פּויערטע — געקומען פון'ם פעלד, אין לאַנגע שטיוועל מיט הויזען, מיט אַ סוועטער און אין אַ ברייטען שטרויענעם קאַפּעליוש, וועלכער האָט זעהר, זעהר שעהן געקליידט צו איהר ברוינעם, פון דער זון צוגעבאַקענעם חנ'עוודיגען געזיכט, מיט איהרע צוויי קלוגע אויגען. דערזעהענדיג אונז, האָט זי אונז דערלאַנגט איהרע „מאַזאָליסטע" הענט מיטאַ ברייטען הארציגען „שלום" און אונז אריינגענומען אין הויז. באַלד איז אויך אַריין אין שטוב איהר מאַן, צבי־יהודה, אויך אין לאַנגע שטיוועל, מיט קאַקי הויזען

אריינגעשטעקט, אין אַ העמד פון זעלבען קאָליר, מיט אַ ברייטען צועפּענטען קאָלנער אָהן אַ שניפּס. מיר האָבען זיך באַלד געגומען דערפרישען און אונטערלעגען אונזער האַרץ מיט פרישע רעטאַכלאַך, ציבעלקעלאַך און טאָמייטאָס, וואָס מען האָט אַריינגעטראָגען פון׳ם גאָרטען, וואָס נעבען הויז, און פאַרזופּט מיט אַ באָרשטש פון אייגענע בוריקעס...

צבי־יהודה האָט אונז איבערגעגעבען, אין אַ ריינעם העברעאיש וועגען אַלגעמיינעם ערפאָלגרייכען צושטאַנד פון דער קאָלאָניע, מיט אַ טאָן פון זעלבסטווירדע און שטאָלץ. אייער רייכטום, אַמעריקאַנער, הייסט עס, איז קיין רייכטום ניט... רייך זיינען מיר. אונזער פאַרמעגען ביי אונז אין לאַנד הייסט רייכטום !...

נאַדיאַ האָט אונז געפיהרט און געוויזען דעם גאָרטען, וואָס נעבען הויז, האָט אונז אָנגעצייגט אויף די גלייכע גראַטקעלאַך פון פאַרשידענע גרינסען און אָנגערופען יעדען מין מיט זיין העברעאישען נאָמען. זי האָט אונז געצייגט דעם שטאַל פאַר דער קוה מיט׳ן קעלבעלע, באַקלאָגענדיג זיך, אַז זיי האָבען געהאַט דיזען יאָהר אַ שאָדען. עס איז גע׳פּגר׳ט ביי זיי אַ קוה, זעהר אַ גוטע קוה. מיר האָבען געזעהען די קאַמער, וואו עס האַלטען זיך היהנער מיט קאַטשקעלאַך, און אויך אייער לייגען די דאָזיגע היהנער מיט קאַטשקעלאַך, און נאַדיע׳ס פּנים שטראַהלט פון גליק און פרייד. און איך פרעג זי נאַדיען, צי זי בענקט ניט נאָכ׳ן שיקאַגאָער לעבען, וועלכעס זי האָט אַמאָל געלעבט, מיט׳ן לוקסוס וואָס דאָרטען, מיט אויטאָמאָבילס און מיט דימענטען אויף די פינגער... צייגט זי אונז די מאַזאָליעס, וואָס אויף איהרע הענט, אַז זיי זיינען ביי איהר די שעהנסטע און די טייערסטע דימענטען, מיט וועלכע זי העלפט בויען די אידישע היימלאַנד...

די זון איז שוין געווען זעהר נידעריג, ווען מיר האָבען פאַרלאָזט נהלל. לאַנגע שאָטענס האָבען זיך אָנגעהויבען שפּרייטען איבער׳ן גאַנצען עמק... און ווען מיר זיינען צוגעקומען צו

„נחלת־יעקב", האָט שוין די זון לאַנג געהאַט געקושט דעם „כרמל" גוטע נאַכט, און אַרונטערגעלאָזט זיך אין ים אויף נאַכט־לעגער.... באַלד האָבען מיר דערזעהן אַ גרופּע אידען מיט לאַנגע קאַפּאָטעס און טלית קטן׳ס, פאַרענדיגענדיג זייער פעלד־ארבייט, זיך אומקערענדיג אַהיים מיט לאָפּעטעס אויף די פּלייצעס און פיהרענדיג אַ געמיטליכען שמועס צווישען זיך...

מיר האָבען זיך אָװעקגעזעצט אין פראָנט פון׳ם קלייטעלע וואָס איז אין איינעם פון די צריפים (באָנגאַלאָס) פון׳ם מושב. דאָרט האָבען זיך אויך אָפּגעשטעלט די אידען מיט די לאָפּעטעס אָפּצוגעבען שלום די אמעריקאנער...

צי זיינען זיי צופרידען מיט זייער לעבען דאָ? וואָס פאַר אַ פראגע? געוויס, אודאי! ... ווי דען? דאָרטען, אין גלות, באַשפּיגען צו ווערען פון׳ם פּאָלאַק?! צופרידען? דאָס איז וויינ׳ניג!... גליקליך, איבער גליקליך זיינען זיי, וואס זיי זיינען דאָ און ניט דאָרטען... נאָר איין זאך ווען ס׳זאָל דאָ נאָך זיין... ברויט, גענוג ברויט אויף אָפּצועסען און ניט הונגערען!...

ווער עס איז שולדיג אין דעם? ס׳פאַרשטעהט זיך, דער קורס וואָס פון זייערע פּוילישע קאַפּיטאַלען, וועלכע זיי האָבען געדענקט אריבערברענגען אהער, האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך... און פון געוועזענע נגידים, גבירים זיינען זיי פּלוצים געוואָרען קבצנים, אביונים... אָבער דער „קרן היסוד" האָט זיי אויך נישט ריכטיג באהאנדעלט און נאָך ניט אויסגעפילט דעם פאַרשפּרעכען, וואס מען האָט זיי געגעבען, און ס׳איז שווער צו וואַרטען...

— דאָך, — האָט זיך אָפּגערופען איינער אַ ברייט־פּלייציגער יונגערמאַן, איינשטעכענדיג זיין לאָפּעטע אין זאַמד און זיך אַ גלעט טוענדיג דאָס רויטע בערדעל, — האָפען מיר נאָך זיך צו דער־לעבען דאָ בעסערע צייטען! מיט גאָטעס הילף און מיטן רבינ׳ס כח!... און אונזער רבי, דאַרפט איהר וויסען, שלאָפט ניט. ער ארבייט שווער, זעהר שווער. צוויי־און־צוואַנציג שטונדען אין מעת־לעת ארבייט ער... ער וועט ניט רוהען ביז אונזער קאָלאָ־

ניע, דעם „יאבלאָנער׳ס קאָלאָניע״, וועט זיין אין בעסטען בליהענ־דען צושטאַנד... אָט איז ער אויך יעצט אין חיפה. וואס צו־ליב, דענקט איהר? צוליב דער קאָלאָניע, צוליב טובת הכלל...

פלוצלונג האָבען מיר דערהערט א תקיעה גדולה פון אונזער אויטאָמאָביל. דאָס האָט מען אונז געלאָזט וויסען, אז עס איז שוין שפעט און מען דאַרף שוין פאָהרען צוריק.

די נאַכט האָט זיך שוין אָנגערוקט און אָנגעהויבען אויסבע־טען זיך איבער פעלד און טאָל... דער הימעל האָט ביסלעכווייז אָנגעפאנגען ארויפציהען אויף זיך זיין צירונג פון גאָלד און דימענ־טען... מיר זיינען דורכגעפאָהרען די נאַכבארישע שכונות, וועלכע זיינען געלעגען איינגעוויקעלט אין בין־השמשות׳דיגער טונקעלהייט און אָנגעהויבען רוהיג איינדרימלען.

מיר האָבען זיך געפיהלט זעהר גוט און היימיש... פון איין אידישען ישוב צום צווייטען... בתוך עמי אָנכי... צווישען מיין פאָלק בין איך!... און איך האָב זיך דערמאָנט א גוט ווארט פון א פעליעטאָניסט אין׳ם „הארץ״ (א תל־אביב׳ער צייטונג) וואס האָט איינמאָל „געהייקט״ דעם עמק און די נאַכט האָט איהם פארכאפט אין פעלד... אָבער ער דערצעהלט, אז ער איז געגאנגען זיין וועג גאָר אָהן פחד, ווייל טאָמער מאכט זיך עפעס, טוט ער באלד א געשריי: „שמע ישראל!״ און דאָ אין עמק וועט „ישראל״ באלד דערהערען!...

אביסעלע מידע אָבער זעהר צופרידענע זיינען מיר אריין אין אונזער האָטעל אין טבריה, וואו מיר האָבען געטראפען גוטע גע־פרעגעלטע פיש פונ׳ם כנרת, צו וועלכע מיר האָבען זיך א וואָרף געטאָן מיט גרויס אפעטיט און דערמיט פארענדיגט אונזער שפא־ציר איבער׳ן „עמק״.

# אַ באַזוך אין „פּתח־תקוה"

מיט איינע פּתח־תקוה'ר בעלי־בתים אָדער, ווי מיר וואָלטען זיי גערופען דאָ, ביי אונז אין אמעריקא, „גיט־אָפּניקעס", האָב איך זיך באקענט אין טבריה אין די חמי־טבריה, וואוהין מען קומט פון'ם גאנצען לאַנד, סיי זיך באָדען, סיי אזוי אויף וואקא־שאָן איבער'ן גוטען, וואַרימען קלימאַט, וואָס איז דאָרטען אַ גאַנ־צען ווינטער. מיט אַ פּאָר פון זיי פלעג איך זיך אַלע טאָג באַ־נעגענען אין די „חמי טבריה". וואוילע אידען... — האָבען זיך נעביך גוט אָנגעליטען אין די ערשטע יאָהרען, קומענדיג צוריק מיט פינף־און־דרייסיג־פערציג יאהר קיין פּתח־תקוה — זיך אויס־געשטאַנען פילע ליידען, הונגער און נויט — יעצט אָבער, אַ שעה־נער דאנק גאָט, יעדערער האָט זיך זיין פּרדס (אראנדזשען), זיין כרם (וויינגאָרטען) און ניט שולדיג אויף זיי קיין פּיאַסטער.

יא, טאקע וואוילע אידען, זאלען זיי זיין געזונד און שטארק, ר' פּנחס גלובמאַן און שמואל בראַווערמאַן, אָבער „העברעאיש" ווילען זיי ניט ריידען בשום אופן. דאָס איז לשון־קודש, זאגען זיי, אַ הייליגע שפּראַך. דיזע שפּראַך דאַרף נאָר באַנוצט ווערען פאַר תורה און תפילה, אָבער פאַר ריידען פּראַסטע וואכעדיגע רייד, זאָל גאָט שומר ומציל זיין...

— מיינע קינדער, — דערצעהלט פּנחס גלובמאַן, — ווען איך בין נאָר דאָ אין הויז, וואגען נאָך ניט, געלויבט דער אוי־

בערשטער, צו ריידען לשון־קודש... חיבא איך בין ניטאָ אין הויז, דאמאלס קען איך זיך שוין ניט העלפען. דאמאלס טוען זיי שוין וואס זיי ווילען...

מיט די גאָלדענהירשעס, זעהר אַ סימפּאַטיש פּאָר פאָלק, שוין עלטערע מענשען, זיינען מיר זעהר נאָהענט באפריינדעט געוואָרען אינ׳ם האָטעל אין טבריה.

שוין אכט־און־דרייסיג יאהר אז זיי זיינען אין פתח־תקוה און ס׳איז ניטאָ אויף וואָס זיך צו באקלאָגען, אַבי נאָר געזונד. דער פּרדס טראָגט שוין אריין אפילו צו מאכען אלע יאהר א לוסט־רייזע קיין אייראָפּא צו זייער אלטער היים אין רומעניע...

אָט דיזע פריינד אונזערע, די גאָלדענהירשעס, האָבען אונז זעהר הארציג געבעטען, ממש באַשוואוירען, אז מיר זאָלען קומען צו זיי קיין פתח־תקוה מיט אַ באַזוך. מיר האָבען זיי דאָס צו־געזאָגט צו טאָן. אין אַ שעהנעם פריה־מאָרגען זיינען מיר פון תל־אָביב ארויסגעפאהרען מאכען אונזער וויזיט ביי די גאָלדענ־הירשעס אין פתח־תקוה. פון תל־אָביב געהען יעדע שטונדע או־טאָמאָבילס קיין פתח־תקוה פאר צעהן פּיאסטער פון אַ פּערזאָן איין וועג.

מיר אָבער האָבען פארהאלטען דעם אוטאָמאָביל פאר זיך אליין פאר׳ן גאנצען טאָג, אום צו האָבען די מעגליכקייט ארומצו־רייזען ארום און אין פתח־תקוה און צו זיין אין די פּרדסים און זעהען די ארבייט דאָרט.

באלד עטליכע קילאָמעטער, ארויס פון תל־אָביב זיינען מיר דורכגעפאהרען די באוואוסטע רייכע דייטשע קאָלאָניע „שרונה״, וועלכע די דייטשען, ווי מען דערצעהלט, האָבען געוואָלט אין דער צייט פון קריג פארקויפען צו די אידען פאר גאר א שיבוש, עפּעס אין גאנצען פאר א האלבע מיליאָן דאָלער, און יעצט ווילען זיי אפילו קיין צוואנציג מיליאָן ניט פאר איהר... און עס טוט א צופּ ביים הארצען...

א קלוג פאָלק, אונזערע אידען, און אז עס קומט צו א תוך־

זאך, א תכלית, זעהען זאכען אין פּראוים און אויסצונוצען א געלעגענהייט אין צייט, איז קיינער ניטאָ אין דער היים...

מיר זיינען פארבייגעפאהרען נעבען „רמת־גן", „גאָלדבערג'ס פרדס". דאָס איז דער גרעסטער אידישער פרדס אין ארץ־ישראל, פון פילע הונדערטער דונאַם לאַנד.

דיזער פרדס איז פארצייכענט אלס א. ריין „אידישער", ד. ה. עס ארבייטען אין איהם נאָר אידישע הענד, קיינע אראַ־בער, כאָטש די אראבישע ארבייט קאָסט א סך ביליגער, אויף װעלכעס מאַנכע אידישע פרדסניקעס ראַדעווען זיך און ארבייטען מיט אראַבישע הענד... ביי גאָלדבערג'ן אין פרדס איז ניטאָ קיין פרעמדע ארבייט — ריין פון עבודה־זרה... מיר האָבען איהם איבערגעלאָזט א „תבוא עליו ברכה" און געפאָהרען ווייטער.

מיר זיינען פארבייגעפאהרען דאָס נייע „בני־ברק", ערשט ניט לאַנג געגרינדעט פון פּוילישע חסידים. א איד מיט א יאר־מולקע און מיט א ברייטען טלית־קטן שטעהט אויפ'ן פעלד נעבען א וואָגען און לעגט אין איהם אריין אלע מאָל עפּעס פון דער ערד. מיר האָבען איהם אויך געשיקט אונזער ברכה. כן ירבו! הלואי וואלטען זיי דארטען אלע א שפּיי געטאָן אויף פילסודסקי'ן מיט אלע פאַנעס צוזאַמען און קומען בעסער אהער אונטער'ן לוי־טערען הימעל, אויף דיזער הייליגער ערד, און דאָ צו זיין גליקליך מיט בוריקעס, קארטאָפלעס און קרויט, אבי אין אונזער לאנד, אין אונזער אידישער היימלאנד...

קיין פּתח־תקוה זיינען מיר אריינגעקומען נאָך פאר מיטאָג. גברת גאָלדענהירש איז געווען שטארק ברוגז אויף אונז, פאר וואָס מיר האָבען ניט געלאָזט וויסען, אז מיר קומען, וואָלט זי געווען צוגעגרייט א מיטאָג ווי עס דארף צו זיין, ווי עס פאַסט „פאַר אזעלכע חשוב'ע געסט ווי מיר"... אזוי וועט זי נעבאך מוזען צוזאמענשטעלען, מאכען א פּראָוויזאָרישען מאָלצייט...

אָבער צו באַקלאָגען זיך איז ניט געווען אויף וואס. באלד איז אין'ם גרויסען, שעהן־מעבלירטען עס־צימער געווען געגרייט

א טיש, אויפ׳ן מאָדערנסטען שעהנסטען אופן. אין דער ציכ־טיגקייט פונ׳ם שנעע־ווייסען גלאַטען טישטוך, אין די זויבערע סאַלפעטקעס און אין די מיט אַרט אויסגעשטעלטע, גאָר ניט קיין ביליגע געשיער, האָבען מיר געזעהן די שפּורען פון אַן אמת׳ער בעגאַבטער ווירטהין.

און וואָס צו עסען — זאָלט איהר בעסער ניט פרעגען... מילך, פּוטער און אייער; האָניג, קעז און סמעטענע; טאָמייטעס, לעטוס, קרויט, רעטעכלעך און ציבעלקעלעך; אָליווס, אַראַנדזשען און באַנאַנעס, און מאַנדעל־ניס און וועלשינע ניס — אַלעס איי־גענס, וואָס סע וואַקסט ביי זיך אויף דער אייגענער ערד — און ועל כולם — אַן אייגען ביסעלע קאָניאַק, 14 יאהר אַלט... מיט א גוט שטיקעלע געמאַראַנירטען הערינג, וואָס איז געשוואומען אין בוימעל פון ארץ ישראל זיתים...

פון אַזעלכע שפּייז־וואַריאַציעס, פאַרשטעהט זיך, זיינען מיר שוין ניט געווען הונגעריג, און מיר זיינען אוועקגעגאַנגען פונ׳ם טיש זעהר צופרידענע...

ויהי כטוב לב המלך, אז ס׳איז אַלע געוואָרען גוט אויפ׳ן האַרצען, האָבען אונז אונזערע ליבע פריינד אָנגעהויבען ווייזען את רוב עשרם וגדלם!... קינדער האָבען זיי ניט, אָבער זיי זיינען גליקליך און צופרידען מיט זייער לעבען אין אונזער לאַנד, תחת גפנים ותחת תאנתם, אונטער׳ן וויינשטאָק און אונטער׳ן פייגענ־בוים...

מיר האָבען אַרומגעקוקט דאָס גאַנצע הויז מיט די גרויסע, ליכטיגע צימערען. איינפאַך אָבער מיט פיל געשמאַק מעבלירט, מיט געפאַרבטע ווענט און דעקאָרירטע סטעליעס, און אַן עקסטראַ־שלאָפצימער מיט צוויי בעטען פאַר געסט, וואָס קומט זיי אַמאָל אויס איבערנעכטיגען — זאָלען זיי דאָ געפינען א רוהיג מיט א ברייט הכנסת־אורחים׳דיג הארץ געגעבענע ווינקעלע. א שעהנע, גרויסע ווערענדע, וואָס א גאַנץ יאהר שפּילען זיי דאָרט מיט די

פתח־תקוה׳ר שכנים אין 66, און ווען עס קומט סוכות עפענט מען א פליגעל און דאָס ווערט אַ שעהנע, גרויסע סוכה...

מיר זיינען ארויס אין גאָרטען מיט בוימער, צווישען וועלכע עס שטעהט איין גרויסער אראנדזשען בוים — פאר׳ן איינגענעם הויזליכען געברויך — און צו איהם איז צוגעבונדען דעם בעל־הבית׳ס עזעלע. דאָס עזעלע דערזעהט זיין ליבען בעל־הבית און הויבט אָן זיך לאַשטשען, ווארפען אייגעלעך און מאכען פארשיי־דענע אייזעלשע חנ׳דעלעך...

— איהר זעהט, — זאָגט מיסעס גאָלדענהירש, — אָט די לאַנגע שורה הויכע אקעליפּטוס בוימער, וואָס ביים פּארקאן, דאָס האָט מיין מאן, זאָל לעבען, זיי פארזעצט צוריק מיט אכט־און־דרייסיג יאהר! — און א ליב שמייכעלע באווייזט זיך אויף איה־רע ליפּען.

מיר געהען אריין אין שפּייז־קאמער, וואס נעבען הויז, וואו פון אלעם גוטען איז דאָרטען בנמצא און מיט דער ברייטער האנט... פולע זעק און פעסעלעך מיט פארשידענע פּראדוקטען פון וועדזשעטייבלס, געטריקענטע פרוכטען און אלערליי נים, א קאַמער מכל טוב און וואו „ס׳איז אָנגעגרייט אויף ווינטער אַ זאַסיק אַ געזונטער".

באלד זיינען מיר אלע, אויף אונזער אוטאָמאָביל אוועק זעהען זייער פּרדס, וועלכער געפינט זיך א פּאָר קילאָמעטער פון דער שטאָדט.

מיר פאָהרען פארביי פילע פּרדסים, גאנצע וועלדער מיט פּרדסים און דאָס אויג קען זיך זאט ניט אָנקוקען אויף די אונ־צעהליגע רונדע שטיקער גאָלד, וואס קוקען אזוי חנ׳עוודיג ארויס פון צווישען די זיידענע גלאנצענדיגע אקעגען דער זון גרינע בלע־טער פון די אראנדזשען בוימער...

יא, שטיקער גאָלד איז דאָס... און אָט טאַקע איבער דעם

הייסען זיי אין העברעאיש „תפּוחי זהב״, ווייל דאָס איז גאָלד, גאָלע גאָלד״...

מיר האָבען ביי גאָלדענהירש'ן אין פּרדס פּארבראכט א פּאָר שטונדען. מיר האָבען געזעהען ווי מען שניידט די אראַנדזשען, מיר האָבען געזעהען ווי מען פּאקעוועט זיי אין קעסטלעך אויף צו עקספּאָרטירען קיין ענגלאנד. מיר זיינען געשטאנען צווישען די געדיכטע ביימער און איבער אונזערע קעפּ האָבען ווי שײַנע קראנצען בלומען אריבערגעהאנגען די געלרויטע, פעטע אראַנ־דזשען און שמייכלענדיג האָט זיך יעדער פון זיי געבעטען: פּאַר־זוך מיך, איך בין מלא טעם... איך בין זיס און זאַפטיג, איך וועל זיך דיר צוגעהן אין דיין יעדען אבר... און מיר לאָזען זיך אי־בעררײדען און מיר „פּארזוכען״ איין אָראנדזש נאָכ'ן צווייטען און פיהלען טאקע דעם טעם פון'ם גן־עדן... און אונזער עקס־טאַז איז דאמאלס אָהן א שיעור און אָהן א גרענעץ...

ה' גאָלדענהירש ווייזט אונז א שורה מאנדלען־ביימער, באַ־נאַנע ביימער, א פּאָר ניסען־ביימער און אויך א גרויסען אתרוג־בוים, און כאָטש ניט אין צייט, האָב איך דאָך געמאכט א הארציגע ברכה אויפ'ן פּרי־עץ־הדר איבער'ן גאנצען בוים. מיר האָבען גע־זעהען דעם טיפען ברונעם פון וועלכען עס ווערט מיט א מאָטאָר נעטריבען וואסער איבער'ן גאנצען פּרדס. אלעס האָט אונז צו־פרידענגעשטעלט און מיר זיינען געווען גליקליך דאָס צו זעהען. איין זאך אָבער האָט אונז פּארדראָסען ביז טיף אין הארצען. מיר האָבען באמערקט אז די ארבייט ווערט געטון דורך אראַבישע שיקסלעך... איך האָב אויף דיזער עבודה־זרה אויפמערקזאם גע־מאכט גאָלדענהירש'ן, אָבער ער האָט זיך פּארענטפערט, אז א גאנץ יאהר ארבייטען ביי איהם מעהרסטענס אידישע ארבייטער און די יעצטיגע ארבייט, דאָס שניידען און פּאקען פון די אָראנ־דזשען, באלאנגט ניט צו איהם, נאָר צום קויפער. דער סוחר האָט אוועקגעקויפט ביי איהם נאָך מיט מנאַטען צוריק די גאנ־

צע פלאנטאציע פון דער באַיערע „אויפ'ן בוים", ד. ה., ער אליין נעמט אויף זיך דאָס שניידען און פאקען. עס פארשטעהט זיך שוין, אז ביים סוחר איז א ביליגערע האנד בילכער...

אונז אָבער האָט דיזער תירוץ ניט צופרידענגעשטעלט... מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט אין א דערבייאיגען שכנת'דיגען פרדס. דאָרטען האָבען מיר שוין געזעהן די ארבייט ווערט געטאָן דורכ־אויס פון אידישע ארבייטער, חלוצים און חלוצות. מיר האָבען אָנגעשטעלט אונזער קאמערא און, מיט זייער ערלויבניש, ארונ־טערגענומען פון זיי א בילד ווי זיי זיצען און פאקען די אָראנ־דזשען אין די קעסטלעך און מיט א צופרידענעם שלום האָבען מיר זיך געזעגענט מיט די אידישע פרדסים און אוועק צוריק אין שטעדטעל.

דאָרטען האָבען מיר געהאַט ביי די גאלדענהירש'עס א טעה, צו וועלכער עס זיינען געווען איינגעלאדען אייניגע פתח־תקוה'ר בעלי־בתים מיט וועלכע מיר האָבען פרעהליך פארבראכט ביי דער גלאָז טעה מיט איינגעמאכטס און אפילו מיט א זעקס־און־זעכציג, וואָס איז די געוועהנליכע פתח־תקוה'ר באלעבאטישע שפיל.

איינפאכע אידען די פתח־תקוה'ער בעלי־בתים, אידען וואס איך געדענק גוט פון אלע יאהרען, אָבער עפּעס פאָרט אנדערש. עס זעהט זיך אויף זיי ניט מעהר דער דערשלאָגענער, גלותדיגער גייסט פונ'ם רוסישען און פוילישען אידען, אויך ניט דער פּוס־טער פארזשאווערטער גלאַנץ פונ'ם אמעריקאנעם אידישען „אָל־רייטניק"... פאָרט גוט־באַזיצער אויף אייגענער ערד, אין דער אייגענער היים...

ארויס פון פתח־תקוה א צוויי מייל אויף צוריק קיין תל־אָביב, האָבען מיר פארבייפאָהרענדיג באמערקט אויף דער זייט פון וועג א גרויסען שטיין, אויף וועלכען אונזער שאופער האָט אונז אָנגעוויזען און דערצעהלט, אז דאָ איז געפאלען א קרבן א פתח־

תקוה'ער יונגערמאַן, שלום גיסין, פאַרטיידיגענדיג דאָ אַ פּאָסטען אין דער צייט פון די אראַבישע איבערפאַלען... זיין פאָטער, דערצעהלט אונז דער שאופער, האָט געזאָגט אויף זיין קבר, אז ער איז גליקליך וואס ער האָט געגעבען אַ זוהן פאַר אונזער פאָטערלאַנד, און וועט זיך ניט אָפּשטעלען צו געבען אַ צווייטען זוהן ווען מען וועט נאָר דאַרפען. און אָט יענער פאָטער איז דאָס אויך נאָר איינער פון יענע איינפאַכע פּתח־תקוה'ער בעלי־בתים...

# אין גליל

איינינגע קורצע באזוכען האָבען מיר געמאַכט אויך אין גליל, וועלכער איז צוטיילט אויף צוויי חלקים, וואָס רופען זיך מיט די נעמען: „גליל התחתון" און „גליל העליון". דער גליל־התחתון (דער אונטערשטער גליל) געפינט זיך מעהר צו דרום און דער גליל העליון (דער אויבערשטער גליל) געפינט זיך מעהר צו צפון, און די גאַנצע צפון־זייט פון ארץ־ישראל רופט זיך „גליל", פונקט ווי די דרום־זייט פון ארץ־ישראל הייסט „יהודה" און דער מיטעלסטער טייל הייסט שומרון.

איין טאָג זיינען מיר ארויסגעפאָהרען פון טבריה קיין צפת. ארויספאָהרענדיג דעם „גניסור" אַזוי רופט זיך דער גאַנצער טאָל ארום „כנרת") זיינען מיר פאַרבייגעפאָהרען די קאָלאָניע „מגדל". מיר זיינען אריינגעפאָהרען אין דער קאָלאָניע. דאָס איז געווען דאָס צווייטע מאָל וואָס מיר האָבען באזוכט דיזע קאָלאָניע. די זעלבע „אַמעריקא". דאָס איז דאָס איינציגע קליינע געסעלע, וואָס געפינט זיך דאָ און וואָס באשטעהט פון 12 הייזער אויפגעבויט דורך אַמעריקאנער און דעריבער רופט זיך דאָס „אַמעריקא". קיינע צוגעקומענע הייזער האָבען מיר ניט געזעהן. אויך דער זעלבער ניט פאַרענדיגטער האָטעל, וואָס אַמעריקאנער בויען דאָ שוין עפּעס יאָהרען־לאַנג, שטעהט און וואַרט נאָך אַלץ אויפ'ן קץ... מיר האָבען געטראָפען דאָרטען ה' דונין מיט דער פרוי (זי איז חיים ווייצמאַן'ס שוועסטער). ער איז דער קאָנטראַקטאָר פון דיזען האָטעל.

ער באַקלאָגט זיך פאַר אונז, אַז די אַמעריקאַנער בעלי־בתים שיקען איהם קיין געלט ניט און ער איז געבליבען שטעהן מיט'ן האָטעל ניט געענדיגט, ניט אַהין און ניט אַהער. ארומקוקענדיג די שעהנע פּרעכטיגע נאַטור, וואָס רינגעלט ארום די קאָלאָניע, האָט אונז זעהר פאַרדראָסען די נאַכלעסיגקייט פון אונזערע אַמעריקאַנער אונטער־נעמער.

מיר האָבען זיך אויך, פאַרבייפאָהרענדיג, אָפּגעשטעלט אין „ראש־פּנה", איינע פון די עלטסטע קאָלאָניעס אין לאַנד, וועלכע איז אונטער דער אויפזיכט פון באַראָן דע ראָטשילד. די קאָלאָניע שטעהט אויף אַ באַרג און פון דאָרטען זעהט זיך כמעט דער גאַנצער גליל ביז צו די מזרח־בערג. אין עבר־הירדן — צו דרום — דער כנרת, און צו מעריב אַזש ביז צום ים־התיכון. נעבען אונזער אויטאָמאָביל האָבען זיך אָפּגעשטעלט אַ פּאָר פון די ראש־פּנה'ר בעלי־בתים. איינער אַן אַלטער מאַן, אַ רומענישער, אַ שניידער פון דער היים, האָט שוין אָפּגעלעבט דאָ אין ראש־פּנה פיר און אַ האַלב צעהנדליג יאָהר. ער האָט שוין דאָ קינדער, אייניקלאך און אפילו אור־אייניקלאך. ער האָט אַ ברודער אין אַמעריקא... אפשר קענען מיר איהם... ער איז זעהר רייך, — האָט ער געהערט, — אָבער ער איז איהם כלל ניט מקנא... בעסער אַן אָרים רוהיג לעבען דאָ איידער אַ רייך לעבען דאָרטען...

מיר האָבען זיך געזעגענט מיט ראש־פּנה, מיט איהרע צופרי־דענע בעלי־בתים און מיט איהרע איינפאַכע ווייסע הייזקעלאך, נעבען וועלכע דאָ און דאָרט עס זעהען זיך קיה, שאָף און סקירדעס היי, און מיר זיינען ארויס אויפ'ן וועג קיין צפת. אונזער אויטאָ־מאָביל האָט אונז געטראָגען פון באַרג אין טאָל און פון טאָל אויף באַרג און מיר האָבען, דאַכט זיך, דאָ גאָר ניט געזעהן אויסער דעם טיפען בלויען הימעל, די געל־גאָלדענע זון מיט די פעלזיגע בערג געדיכט באַדעקטע מיט בלויע, רויטע, ווייסע און פון אַלערליי פאַר־בען בלימעלעך. אָבער, גאָט אין הימעל, ווי שעהן, ווי צויבער־האַפט שעהן איז דאָ די נאַטור! די אמת'ע, איינפאַכע, ששת־ימי־

בראשית'דיגע נאטור! ניט קיין געקינסטעלטע, ניט פון קיין מענש־ליכער האנט באריהרטע — אפילו אהן איין פארפלאנצט בוימעלע, נאר ווי גאט האט זי געשאפען — א בילד וואס דער גרעסטע־וועלט־מאהלער האט מיט זיין „פינזעל" געמאלען. און דא האב איך זיך דערמאנט א מאמר־חז"ל, וואס איך האב ערגעץ אמאל געזעהן, א טייטש אויף די ווערטער: „אין צור כאלוהינו", אז מען סען זאגען: „אין ציר כאלוהינו" — עס איז ניטא נאך אזא מאהלער ווי אונזער גאט!...

מיר זיינען פארבייגעפאהרען דעם „הר כנען". מיר האבען געזעהן שטעהן דארט א גרויסע שילד מיט אן אויפשריפט, אז דיזער געזונטער הויכער שעהנער בארג איז געקויפט געווארען דורך אן אמעריקאנער קאמפאני — דא וועט אויסגעבויט ווערען א שטאדט מיט'ן נאמען „תפארת כנען", און גליקליך וועט זיין יענער וואס וועט זיך מקדים זיין און קויפען פאר זיך לאטס אין דיזער צוקינפ־טיגער שטאדט". א ריעל־עסטייט רעקלאמע אויפ'ן אמעריקאנער שטייגער... מיר הויבען אויף אונזערע אויגען אויפ'ן „הר כנען" און מיר שטימען איין, אז דא, אמת, וואלט געווען א שעהנער און געזונטער קאנטרי־פלאץ פאר די הייסע זומער־מאנאטען. מיר זיי־נען פארבייגעפאהרען דעם וועג רעכטס, וואס פיהרט צו די קאלא־ניעס וואס געפינען זיך אין צפון־גרעניץ פון ארץ־ישראל, ווי מחנים, כפר־גלעדי, תל־חי, מתולה א. א. וו. און מיר האבען זיך פארנומען לינקס צו צפת.

# צפת

דער איינדרוק וואָס מיר האָבען ארויסגעטראָגען פון דער שטאָדט צפת איז געווען אַ צווייענדיגער, אַ דאָפּעלטער. איין איינדרוק, און גאָר ניט אַזאַ אַנגענעמען, האָט אויף אונז געמאַכט די אינווענינסטע צפת. די גאַסען, די הייזער, די אידען — אַלעס אַזוי אָרים, פּרימיטיוו, פארצייטיג, ווי אין מיטעלאַלטער. (צפת פאַר־מאָגט זעקס טויזענט אידישע איינוואוינער און איז די פרומסטע שטאָדט אין ארץ־ישראל. איינער, אַ בעל־נוטריקין, האָט אָנגע־וויזען אויף דעם אַ רמז, אַז די ראשי־תבות פון ציצות, פאות און תפילין מאַכען: צפ"ת...) מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט נעבען אַ ישיבה, פון וואַנען עס האָבען גראַדע מיטאָג־צייט זיך ארויסגע־שאָטען אַ חברה אינגלאַך. די דאָזיגע אינגלאַך מיט די לאַנגע קאַפּאָטקעלאַך און לאַנגע פּאה'לאַך דערמאָנען אייך אָנ'ם אַלשיך, אָנ'ם אר"י ז"ל, אָן ר' חיים וויטאַל, און נאָך אָן אַנדערע גרויסע מקובלים, וואָס זיינען באוואוסט מיט'ן נאָמען חכמי־צפת, און איהר דערפיהלט אויך אַן אינווענינסטען שטאָלץ אויף דיזע אינגעלעך פון יענע גרויסע אידען... אַ צווייטען איינדרוק האָבען מיר באקומען פון דער אויסערליכער צפת — פון דער צפת, וואָס ליגט אויף די בערג באוואקסען מיט אָליווען־בוימער און טונקט זיך אין גאָלדענע כוואַליעס פון זונען־שטראַהלען. מיר האָבען אמאָל געהערט אָנ־רופען צפת „די שווייץ אין ארץ־ישראל". יאָ, עס איז ריכטיג!

אפשר נאָר די שווייץ מיט איהרע אַלפּען־בערג קען זיך פאַרגלייכען צו דער צפת־געגענט.

מיר האָבען אויך באזוכט דעם הדסה־האָספּיטאַל און מיר זיינען ארויס פון דאָרט אנטציקטע פאַר די גוטע און נאָבעלע ארבייט וואָס ווערט דאָרט געטאָן פאַר דער געזונדהייט פונ׳ם לאַנד.

קיין האָטעלס זיינען אין צפת ניטאָ. דעריבער שטעלען זיך דאָרטען טוריסטען זעהר זעלטען אָפּ. מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ ווייל̃ע אין אַ פּריוואַטען באָרדינג־הויז, זעהר אָרים אויס־געשטאַטעט. מיר זיינען ארויף אויף דער וועראַנדע פונ׳ם צווייטען שטאָק, פון וואַנען מיר האָבען געקענט זעהן דעם בארג עצמון און דאָס באַוואוסטע שטעדטעלע „מירון", וואו עס איז פאַראַן דער קבר פון ר׳ שמעון בן יוחאי און וואוהין אַלע ל״ג בעומר קומען אהין צו פאָהרען אידען אין די טויזענטער צו פייערען דעם צדיק׳ס יאָהר־צייט. מיר האָבען באשטעלט פאַר אונז טיי און אַ ביסעל פאַר־בראַכט. דער בעל־הבית, אַ וואוילער יונגערמאַן, האָט זיך באַ־קלאָגט פאַר אונז אַז עס איז שווער דאָ צו מאַכען אַ לעבען. עס איז געוועזען אַ פאַרדראָס צו הערען... אין אַזאַ פון גאָט געבענש־טער שעהנער נאַטור ווי די בארג־שטאָדט צפת מיט איהר געזונטען קלימאַט — אַן אמת׳ער פאַרגלייך צו דער שווייץ — זאָלען אידען קיין פּרנסה ניט האָבען... וואו זיינען אונזערע אידישע מיליאָ־נערען, וואָס גיבען אויס גאַנצע פאַרמעגענס אין דער שווייץ צווי־שען גויים, באהאלטענדיג דאָרטען זייערע אידישע נעז. פאַר וואָס קומען זיי ניט אהער, אין זייער אייגענער שווייץ, און דאָ מאַכען זיכערער און רייכער זייער אייגענע היים?

מיר האָבען אויך באזוכט איינציגע קאָלאָניעס אין גליל־התחתון, צווישען וועלכע עס איז געוועזען כנרת, אַ קאָלאָניע וואָס ליגט אין דרום זייט פונ׳ם ים כנרת, נעבען דער אייזענבאהן־סטאַנציע „צמח", וואו יעדער קאָלאָניסט פאַרמאָגט זיך זיין אייגענעם שטיק ערד און באַארבייט עס מיט אייגענע קרעפטען — ניט קיין געדונגענע. „עבודה עצמית", רופען זיי דאָס — אייגענע ארבייט. מיר האָבען

זיך אָפּגעשטעלט אין מיטען דער קאָלאָניע נעבען א הויז, וואו מיר האָבען געזעהן שטעהן דריי פּרויען באַלעבאָסטעס, וועלכע זענען אויס נאָהענטע שכנות, פאַרפּיהרענדיג אין מיטען דער ארבייט א שטיקעל געשפּרעך צווישען זיך. די קעפּ ארומגעבונדען מיט רויטע פאַטשיילעס מיט די עקען פאַרוואָרפען אויף ארונטער, ווי די אוקראַינער דאָרפישע פויערטעס, אָבער מיט'ן חן פון איידעלע אידישע טעכטער. מיר האָבען זיך געפרעגט ביי זיי וועגען איינעם א כנרת'ער באַקאנטען קאָלאָניסט, צו וועלכען מיר האָבען געזאָלט צופאָהרען, אָבער זיי האָבען אונז געראַטען בעסער ניט צו ריזיקירען מיט אונזער אויטאָמאָביל אין די געדיכטע בלאָטעס, וואָס האָבען זיך אָוועקגעשטעלט אין דער קאָלאָניע נאָך די פילע שטאַרקע רעגענס (אויסער דעם הויפּט־וועג איז נאָך קיין שאָסיי ניטאָ). מיר זיינען געשטאַנען און געשמועסט אייניגע מינוטען מיט די כנרת'ער באַלעבאָסטעס, וועלכע האָבען אונז אין א צופרידענעם טאָן דערצעהלט וועגען דעם צושטאַנד פון דער קאָלאָניע, פאַר וועלכען מיר האָבען זיי געזאָגט: „תודה רבה!" (א גרויסען דאַנק) און מיר האָבען געקראָגען פון זיי דעם געוועהנליכען ענטפער: „אין דבר" (קיין זאַך ניט, דאָס הייסט: ניטאָ פאַר וואָס) און זיי האָבען אונז באַגלייט מיט זעהר פריינדליכע שמייכלאַך. פון דאָרט זיינען מיר אַוועק צו „דגניה". דאָס איז שוין ניט א „מושב עובדים", ווי „כנרת" און אנדערע אַזעלכע קאָלאָניעס וואו יעדער ארבייט פאַר זיך. „דגניה" איז א קבוצה, וואו אַלעס ווערט געטאָן אויף א קאָאָפּעראַטיווען באַזיס. דאָ, ווי אין אַלע אנדערע קבוצות, איז ניטאָ קיין יחיד נאָר א כלל. דער יחיד האָט ניט קיין אייגענעם אינטערעס. דעם יחיד'ס אַמביציע אין אַזא קבוצה איז צו זעהן דעם ערפאָלג פון דער גאַנצער קבוצה, און דאָס איז שוין אויך זיין אייגענער אינדיווידועלער ערפאָלג. פון די פילע געשפּרעכען, וואָס איך האָב געהאַט מיט ארבייטער פון קבוצות, ווי דגניה, עין־חרוד און אנדערע, האָב איך זיך איבערצייגט אין'ם היפּך ווי פילע דענקען, און דאָס איז אַז די ארבייט אין אַזעלכע קבוצות איז ניט

ווענעיגער, אויב ניט מעהר, אמביציעז, פול מיט איניציאטיווע און פלייסיגקייט ווי אין קאָלאָניעס פון אינדיווידועלען טיפ. מיר זיינען אריינגעפאָהרען מיט אונזער אויטאָמאָביל אין הויף פון די הויפט־געביידעס פון דגניה, וועלכע ליגען אין גאַנצען באדעקט מיט גע־דיכטע שורות הויכע אייביג־גרינע בוימער. מיר האָבען געזעהן די קיך, די קינדער־נויורסערי, די „מתפרה" (דער שאָפּ וואו מען נייהט). דער איינדרוק וואָס אַלעס האָט אויף אונז געמאַכט איז געווען אויסגעצייכענט. מיר זיינען, אין דער באַגלייטונג פון'ם ראש־הפועלים, אַ יונגערמאַן פון אומאַן, טאַקע אונזערער אַ לאַנדס־מאַן, ארויפגעגאַנגען אויפ'ן דאַך פון דער הויפט־געביידע, וואו עס זיינען אויסגעשטעלט בענק מיט טישלאַך — אַ ריכטיגער רוף־גאַרדען. מיר און אונזערע שיקאַגאָ'ר פריינד, די טשאַפּמאַנס, האָבען זיך גאַנץ פיין אויסגעזעצט און אונזער לאַנדסמאַן האָט אונז איבערגעגעבען איינינע אויסקינפטע וועגען דער קבוצה און זיך באַריהמט מיט שטאָלץ אַז כאָטש דגניה איז נישט קיין גרויסע קבוצה, ווי, למשל, עין־חרוד און אַנדערע — אין גאַנצען אַ 3,000 דונאַם — געגרינדעט אין 1908 פון'ם נאַציאָנאַל־פאָנד, און פאַר־מאָגט ניט מעהר ווי אַ 50 ארבייטער, אָבער מיט איהר בעל־הביתיש־קייט און פיינער אָרדנונג איז די קבוצה אַ וואונדער און מעג דינען פאַר אַ מאָדעל פאַר אַלע אַנדערע קבוצות...

פון דער הויך האָבען מיר גרינג געקענט זעהן דעם גאַנצען שטח ערד וואָס דגניה פאַרנעמט. מיר האָבען אויך פון דאַנען געזעהן אַ צווייטע קבוצה אויך מיט'ן נאָמען דגניה — געגרינדעט אין 1924 — אַ קאָפּיע פון דער ערשטער דגניה. און אַזוי רופען זיי זיך טאַקע: די ערשטע הייסט „דגניה א", די צווייטע „דגניה ב". פון דאַנען האָבען מיר אויך געזעהן „ביתניה", אַ קלענער חוטאָר מיט אַ 30 ארבייטער. שוואַרצע, ערטערווייז דורכגעוואָרפען מיט גרינע פלעקען, שטרעקעס ערד, דורכגעווייקט פון די פילע רעגענס וואָס זיינען געגאַנגען די לעצטע טעג, האָבען פון אַלע זייטען געשמעקט מיט זאַטע פעטקייט. אין אַ באַזונדער גרויסען פאַרקאַן

ארומגעצאמט מיט ברעטער זיינען געלעגען אויסגעלעגט עטליכע צעהנדליג פעטע קיה און האָבען צופרידען גע'מעלה־גרה'ט... א רוהיג, אנגענעהם ווינקעלע פאר אידישע ארבייטער. פאר וואָס ניט נאָך אזעלכע ווינקעלאך אין די צעהנדליגער, אין די הונדערטער זאָלען וואקסען און בליהען איבער דער לענג און ברייט פון אונזער נאציאָנאלער היים?

אויפ'ן וועג צוריק קיין טבריה האָבען מיר זיך אָפּגעשטעלט ביים „גשר־הירדן", דעם ירדן־בריק. דער בריק געפינט זיך פונקט אויף דעם אָרט וואו דער ירדן פליסט שוין צוריק ארויס פונ'ם כנרת (אויף דער אנדערער זייט פונ'ם כנרת אין צפון־זייט פאלט דער ירדן אריין אין ים און געהט דורך דעם גאנצען הארץ פונ'ם ים ניט אויסמישענדיג זיך מיט די וואסערען). פון דאנען לאָזט ער זיך אויף זיין לאנגער, אוואנטיוריסטישער רייזע ביז צום ים־המלח.

איך האָב זיך אוועקגעשטעלט אויף דער בריק, אנגעשפּארט אָן דער פּארענטשע און געקוקט פארטראכט אויפ'ן ירדן. און גע־טראכט האָב איך פון יענעם גרויסען אידען וואָס איז געשטאנען איבער'ן רייהן אויך אויף א בריק, אנגעשפּארט אויף דער פּארענטשע און גע'חלומ'ט דעם גרויסען חלום פון ציון — דאָס באוואוסטע בילד „הערצעל אם רהיין". צי האָט ער געזעהן דאמאָלס אין זיין חלום, אז מיר, זיינע תלמידים, וועלען ניט ביים רהיין, נאָר טאקע ביים ירדן, זעהן ווי זיין גרויסער חלום ווערט פארווירקליכט?...

## פון טבריה קיין ירושלים צו דער סדר נאכט

נאָך ביים ערשטען מאָל זייענדיג אין ירושלים — דאָס איז געווען נאָך אין אָנפאנג ווינטער, פאר חנוכה, האָבען שוין אונזערע פריינד, זלמן קאָטלער מיט דער פרוי פארכאפט און „באַשטעלט" אונז צו זיין זייערע געסט צו דער סדר־נאכט, „אָהן קיינע תירוצים"... זייענדיג א צווייטען מאָל ביי די קאָטלערס אין ירושלים, ארום פאר פורים, האָבען זיי אונז דיזע „באַשטעלונג" נאָך אמאָל געגעבען נאָך מיט מעהר שטאַרקייט ווי ביים ערשטען מאָל; נאָכהער האָבען מיר באקומען פון זיי קיין טבריה, וואו אונזער הויפט־קוואַרטיר איז דעמאָלט געווען, א פּאָר בריף מיט „אַ שטרענגער אויפפאָדערונג", אז עס וועט אונז גאר ניט העלפען — מיר מוזען קומען צו דער סדר־נאַכט צו זיי קיין ירושלים.

מיר האָבען זיך געמוזט אונטערגעבען און אָננעמען זייער איינלאַדונג, כאָטש אונזער חשבון איז געווען אז די וואָך פון פסח זאָלען מיר נאָך זיין אין טבריה צו פארענדיגען דעם קורס בעדער וואָס דער דאָקטאָר האָט מיר געהייסען נעמען. דער געדאנק צו זיין אויף פסח אין ירושלים און קענען ערפילען דעם אייביגען טראַדיציאָנעלען וואונש וואס מיר, ווי דאָס גאנצע אידישע פאָלק אין אלע גלות לענדער, ווינשען זיך אלע יאָהרען, יאָהר־איין, יאָהר־אויס: לשנה הבאה בירושלים! — האָט גובר געווען.

איבער דיזען געדאנק אליין האָבען מיר באשלאָסען צו מקצר

זיין אין די המי טבריה האָפּענדיג אַז „בּזכות ירושלים" וועט מיין רפואה קומען מיט וויינינער עטליכע בּעדער און פאַהרען אויף פּסח צום סדר צו אונזערע ליבע, גוטהאַרציגע פריינד, די קאָט־לערס קיין ירושלים. און די צייט איז שוין געווען קורץ, ווייל אַחרון של פּסח האָבען מיר שוין געמוזט זיין אין אַלעקסאַנדריע אויף דער „לאַפּלאַנד", אויפ'ן צוריק־פאָהר קיין אַמעריקא.

זונטאָג נאַכט פריה, א טאָג פאַר ערב פּסח, האָבען מיר זיך געזעגענט צום לעצטען מאָל מיט טבריה... אונזער אויטאָמאָביל איז שוין געווען באַשטעלט נאָך פון ערב שבת ביי חיים'ן דעם טבריה'ר אַגענט פון דער „חברת עקפּרס באַרץ־ישראל". אן אַנגע־נעמער יונגערמאַנטשיק מיט א סימפּאַטיש בּערדעל וואס פלעגט אונז אימער בּאַזאָרגען מיט אויטאָמאָבילס ווען מיר האָבען באַ־דאַרפט, און אויך עהרליך בּאהאַנדעלט.

צום לעצטען מאָל זיינען מיר אַרויס אויף דער וועראַנדע פון אונזער האָטעל זיך געזעגענען מיט טבריה צו זאָגען זיי־געזונט צום כּנרת, וואָס כּאָטש ער האָט אמאָל א טבע, א מדה מגונה, אין כּעס צו ווערען, און יוערט אוש בּרוין און גרין פאַר כּעס אויף מענשען אויפצועסען, אָבער דאָס מאַכט זיך איהם דאָך זעהר זעלטען... אימער איז ער דאָך אזוי רוהיג, מילד און לויטער ווי בּורשטין. די וואַסער זיינע א מחיה צום טרינקען. באַגאָלדעט פון דער זון בּייטאָג און פון דער לבנה בּאזילבערט ביינאַכט, פלעגט ער אונז שטענדיג פאַר'כּשופ'ען, אַריינוואַרפען אין זיסע חלומות. שטונדען לאַנג פלעגען מיר ליב האָבען צו שטעהן און זיך שפּיגלען אין זיין קרישטאָל־לויטער געזיכט. א זיי־געזונט דיר, ליבער כּנרת. צום ווידערזעהן, זייט געזונט! האָבען מיר געזאָגט צו די גרינע בּערג אויף די הויכע שפּיצען פון וועלכע, ווי קליינע פּינטעלעך, קוים זיכטבאַר, פּאַשען זיך מחנות שוואַרצע און גרויע שעפּעלעך. א האַרצליכען זיי־געזונט האָבען מיר צום לעצטען מאָל געזאָגט דעם זיידען, דעם ליבען אַלטיטשקען מיט'ן אימער ווייסען קאָפּ,

דעם באַרג חרמון, באַדאַנקענדיג איהם פאַר זיינע ליבע מעשה'לעך, וואָס ער פלעגט אונז אימער שמייכלענדיג, דערצעהלען אין די פאַרנאַכטען, פאַר און נאָך זונענאונטערגאַנג און פאַרוויגען אונז מיט זיינע שלאָף־לידעלעך ווי א געטרייער זיידע זיינע אייניקלעך. שלום, זיידעניו, שלום! וועלען מיר ווען זיך נאָך אמאָל זעהן?

כמעט אַלע געסט פונ'ם האָטעל זיינען געווען ארום אונזער אויטאָמאָביל, באַדויערענדיג וואָס מיר פאַרלאָזען זיי פונקט צו פסח. דער באַלעבאָס פונ'ם האָטעל, גובערמאַן, די פרוי און קינדער האָבען כמעט מיט טרערען אין די אויגען געוואונשען שלום וברכה. אפילו דאָס מעזינעקעל זייערס, דער קליינער פיר יאָהריגער בחור'ל ישראל (לייען: יסראַעל), וואָס פלעגט שטענדיג פאַר אַ שטיקעל שאָקאָלאַד אַ קוש טאָן דעם אדון פוסטאָף (פושקאָף) האָט אויך אונז געוואונשען „סאַליאַם ובליאַכא (שלום וברכה).

מעהר פון אַלע איז יצחק דער מלצר (וועיטער), א בחור'ל מיט זיסע צוויי אויגען און פול מיט תורה ווי א מילגרוים געשטאַנען פאַרחרימט. ער וועט ניט האָבען מיט וועמען צו פאַרברענגען פרעהליכע אווענטען, ווי ער פלעגט דאָס טאָן מיט מיר, — ער אויף דער באַלאַלאַיקע און איך אויפ'ן פידעל — און ווינשענדיג אונז „לכו לשלום" האָט ער ווי אויך אלע אין כאָר געשריען: „להתראות שוב בארצנו!" — צום ווידערזעהן אין אונזער לאַנד! „להתראות!" — האָבען מיר אויך געענטפערט טיף פון אונזער הארצען זיך ווינשענדיג מיר זאָלען דערלעבען קומען נאָך אמאָל אין אונזער לאַנד און דאמאָלסט שוין אויף שטענדיג, אויף אימער...

אין א ווײַלע ארום איז אונזער אויטאָמאָביל שוין ווייט ארויס פונ'ם גליל און אריינגעדרעהט זיך אין די בערג פון שמרון. מיר זיינען דורכגעפאָהרען שכם (נאַבלעס), אין וועלכער אונזער שוועסטער דינה איז אמאָל פאַסקודנע, געבאַך, אריינגעפאַלען, פאַר וועלכעס די ברידערלאַך שמעון ולוי האָבען זיך אפּגערעכענט מיט דער שטאָדט איינס און צוויי... די שטאָדט שכם איז געדיכט באַזעצט

פון מוסולמאַנער, קריסטען און שמרונים. קיין אידען וואוינען דאָרטען ניט (איין אידישע פאמיליע בסך־הכל). די שטאָדט ליגט צווישען די צוויי באוואוסטע בערג הר־גריזים און הר־עיבל, וואָס אויף איינעם איז געגעבען געווארען די ברכה און אויפ׳ן צווייטען, די קללה. און מערקווירדיג, ווי דער הר־גריזים אויף וועלכען די ברכה איז געגעבען געווארען איז אזוי שעהן, גרין און באוואַקסען און דער הר־עיבל — שטיינערדיג און וויסט, טאקע ווי די קללה ליגט אויף איהם...

מיר האָבען ארויפגעקוקט אויפ׳ן שפּיץ פון׳ם בארג גריזים און מיר האָבען געזעהן דעם מזבח פון די שומרונים, וואו אלע פסח זיינען זיי דאָרטען מקריב זייער קרבן פסח. ארויספאָהרענדיג פון שטאָדט האָט אונז אונזער שאָפער אָנגעוויזען אויף א פּלאַץ, וואס איז באוואוסט אלס „קבר יוסף“. דאָ, הייסט עס, איז על פּי המסורה, דאָס „חלקת השדה“, דאָס שטיקעלע פעלד וואָס יעקב האָט געקויפט ביי די בני חמור, דעם פאָטער פון שכם, און דאָרט זיינען באהאלטען די „עצמות יוסף“, וואָס מען האָט זיי מיטגע־בראכט פון מצרים, ווי עס שטעהט אלעס באשריבען אין יהושע.

ארום מיטאָג־צייט האָבען מיר דערזעהן די בערג ארום ירושלים. מיר האָבען גלייך דערקענט דעם הר־הצופים, דעם הר־הזיתים און דעם הר־הבית. מיר זיינען אריינגעפאהרען אין שטאָדט דורך „שער שכם“ און באלד האָט זיך אונזער אויטאָמאָביל אָפּגע־שטעלט ביים הויז פון אונזערע פריינד, די קאָטלערס, וועלכע זיי־נען שוין געשטאנען אין דרויסען און האָבען באגעגענט אונזער אָנקומען מיט גרויס צופרידענהייט.

ערב פסח, ווען רחל׳ע, די ווירטין, איז נאָך געווען באשעפ־טיגט אין קיך צוזאמען מיט איהר ספרדישער דינסט־מיידעל צו־גרייטענדיג צום סדר די „לביבות“ (לאטקעס) און די „כדורים“ (קניידלאך) (די דינסט־מיידעל רעדט נאָר העברעאיש — קיין אידיש קען זי כלל ניט), האָבען מיר מיט קאָטלער׳ן גענומען א „ראיד“ צום הר הצופים.

דאָס איז שוין געווען דאָס דריטע מאָל, וואס מיר זיינען געווען אויף דיזען שעהנעם, חן'עוודיגען בארג, וועלכער שטעהט עפּעס ווי מיט א באזונדערען שטאָלץ איבער אלע בערג פון יהודה.

ארויפפאָהרענדיג אויפ'ן בארג זיינען מיר פארבייגעפאָהרען דעם מיליטערישען, אלגעמיינעם בית־עלמין, וואו עס געפינט זיך אן אָפּטיילונג מיט א באדייטענדער צאָהל מצבות, אונטער מגן־דוד'ס, פאר די אידישע לעגיאָנערען־העלדען, וואָס האָבען פאר־גאָסען זייער בלוט פאר אונזער לאנד. און זעהענדיג דאָס, האָבען מיר געפיהלט אן אינערליכע דאנקבארקייט צו אונזער מיליטאריסט זשאבאָטינסקי, דעם באשאפער פונ'ם אידישען לעגיאָן. קיין שעהנערע, בעסערע און מעהר רעכטליכע פאר אונז אקופאציע פון אונזער לאנד האָט ניט געקענט זיין, ווי נאָר מיט אייגען אידיש בלוט... בדמיך חיי! מיט דיין בלוט ווערסטו ווידער אויפגעלעבט!

מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט ביים פראָנט פונ'ם אוניווער־זיטעט. שטעהענדיג אויפ'ן „הר הצופים" ווערט איהר אליין באלד „צופים" (זעהערס), ניט ווילענדיג ציהט עס אייך צו קוקען. צו זעהן. איהר קוקט קיין מזרח, איהר קוקט קיין מעריב און איהר זעהט וואונדער, די וואונדערבארסטע פּאנאָראמע פון גאנץ ירושלים. די שטאָדט איז אינגאנצען איינגעטונקען אין זון. עס דאכט זיך אייך, אז די גאנצע זון האָט ארונטערגענידערט פון איהר הימעלשער הויך און האָט זיך אויסגעשפּרייט און רוהט אויף דער הייליגער שטאָדט. איהר קוקט קיין מזרח און איהר ווערט נאָך מעהר פארכאפּט פון דער שעהנער נאטור וואס אייער אויג זעהט. דורך דער ריינער, לויטערער לופט זעהט איהר פאר צעהנדליגער מיילען ווייט. איהר זעהט דעם ים המלח, דעם ירדן און דעם עבר הירדן מיט די הרי מאוב און די הרי גלעד. די לאנדשאפט פון כמעט האלב ארץ־ישראל צושפּרייט זיך פאר אייערע אויגען שטעהענדיג דאָ אויפ'ן הר־הצופים...

מיר זיינען אריין אין הויף פון אוניווערזיטעט. דאָס מאָל זיינען מיר ניט אריינגעגאנגען אין דער געביידע, מחמת פסח איז

דאָרטען געווען צוגעשלאָסען. מיר האָבען ארומגעשפאצירט צווישען די זיתים און אקאליפטוס בוימער. מיר האָבען זיך אפגעשטעלט ביי דער פלאטפאָרמע וואו עס איז געפייערט געווארען לעצטעס יאָהר די „פתיחה", די ערעפענונג פונ'ם אוניווערזיטעט. און דאָ האָט אונזער קאָטלער אָנגעהויבען דערצעהלען מיט זיין געוועהנ־ליכער באגייסטערונג איינצעלהייטען פון דער „פתיחה", ווי ער אליין האָט זי ביינגעוואוינט. ער האָט אונז אָנגעוויזען די ערטער וואו לאָרד באלפור איז געזעסען, וואו הערבערט סעמיועל און אלע אנדערע גרויסע לייט, רעפרעזענטאנטען פון פארשידענע לענ־דער, האָבען פארנומען פלעצער, וואָס פאר א כבוד עס איז צוגע־טיילט געווארען צו חיים ווייצמאן, אלס דעם פיהרער פון אידישען פאָלק. וואָס פאר א הייליגע, ממש געטליכע שטימונג עס האָט גערוהט אויפ'ן צוואנציג טויזענט קעפיגען עולם וואס איז געווען באזעצט אויף די בערג און בערגלאך וואס ארום דאָ, און אָנגע־זעצטע צווישען די געדיכטע צווייגען פון די בוימער האָבען ארויס־געקוקט קעפ מיט אויגען פון חלוצים אין די צעהנדליגע הונדערטער און דער יום־טוב איז געווען אזוי גרויס, אזוי גראנדיעז, וואס דאָס אידישע פאָלק האָט ניט געהאט אזעלכעס פאר דער גאנצער צייט פונ'ם גלות... דער ים־המלח, דער ירדן, די בערג און די טאָלען — אלע האָבען געזונגען שירה צו דעם גרויסען הייליגען טאָג וואס דאָס אידישע פאָלק האָט דערלעבט. ביי קאָטלער'ן האָט זיך גע־שטעלט א טרער אין די אויגען...

איך דערמאָן איהם די ווערטער אין תהילים: „היתה יהודה לקדשו ישראל לממשלותיו הים ראה וינס, הירדן יסוב לאחור ההרים רקדו כאילים גבעות כבני צאן"... ווען יהודה איז גע־וואָרען צו זיין הייליגקייט און ישראל צו זיין ממשלה, האָט דער ים דערזעהען און איז אנטלאָפען... דער ירדן האָט זיך פארקי־רעוועט ארונטער... די בערג האָבען געטאנצט ווי די באראנען, די בערגלעך ווי שאָף...

— יאָ, יאָ! — האָט אויסגעשריען קאָטלער. — פונקט

אזוי איז דאָס דאַמאָלסט געווען אין יענער גליקליכער שעה, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט דאַמאָלסט איבערגעלעבט...

אַן אינטערעסאַנטען עפּיזאָד האָט אונז קאָטלער דערצעהלט (מיר האָבען עס אויך געהערט שוין פריהער), וואָס איז פאָר־געקומען בעת דער פּתיחה. הערבערט סעמועל'ס שנור, די טאָכ־טער פון ה' גרוזובסקי, דער מחבר פון „מלון־העברי", איז פונקט אין טאָג פון דער „פּתיחה" ענטבונדען געוואָרען און געבוירען א קינד. זי האָט אָבער זעהר געוואָלט זיין ביי דער „פּתיחה"... א קלייניגקייט, אזא היסטאָרישער טאָג און איהם ניט ביי־וואוינען... ווי איז דאָס מעגליך ? ! ... האָט זי אזוי לאַנג גע־בעטען זיך ביי די דאָקטוירים, ביז זיי האָבען ערלויבט מען זאָל זי אַוועקטראָגען אַהין אויף א בעטעל... פיער סאָלדאַטען האָבען זי געטראָגען אויף א בעטעל פון איהר הויז ביז צום הר־הצופים, און זי אַוועקגעשטעלט מיט'ן בעטעל אויפ'ן אמפי־טעאַטער, אונטער הערבערט סעמועל. סעמועל האָט דאַמאָלסט געהאַלטען זיין היסטאָרישע רעדע, וועלכע האָט געמאַכט, ווי באַוואוסט, דעם טיפסטען איינדרוק און געווירקט שטאַרק אויף די צענדליגע טויזענדער אַנוועזענדע. סעמועל'ס שנור, א שוואַ־כע, האָט גע'חלשט... מען האָט איהר דערלאַנגט פון'ם טיש וואַסער און מען האָט זי דערמינטערט. סעמועלס, וויסענדיג אַלעס וואָס עס קומט פאָר, האָט דאָך ניט איבערגעהאַקט און פאָרטגעזעצט זיין רעדע ביז'ן סוף, גלייך ווי גאָרניט קומט פאָר אונטער זיינע פּלייצעס...

מיר האָבען אויך באַזוכט אויפ'ן הר הצופים דעם היכל־הנציב, א דייטשע געביידע, וואָס דינט פאָר א וואוינונג פאַר'ן האַי־קאָמישאָנער פון ארץ־ישראל. פריהער האָט דאָרט געוואוינט הערבערט סעמיועלס און יעצט פּלומער. עס קאָסט א שילינג פון א פּערזאָן אריינצוגעהן אַהין. מיר האָבען לאַנג דאָרטען זיך ניט פאַרזאַמט. מיר האָבען פאַרבראַכט א ווײַלע אין דער קירכע, וואָס געפינט זיך אין דער געביידע. מיר האָבען באַקוקט

אויף דער סטעליע און אויף די ווענט פון מאַזאַאיק געמאכטע בילדער פון דוד'ן, אונטערגעשריבען „דוד מלכי־צדק", פון משה'ן, פון ישעיהו הנביא און נאָך אַנדערע. מיר האָבען אויך דאָרטען געזעהן און באַוואונדערט אַ געמאָלענע קונסט־בילד „הושענה", פון יעזוס'ען, ווי די אַפּאָסטאָלען גייען איהם אַנטקעגען און שפּרייטען אויס פאר איהם דעם וועג מיט לולבים... אַרט און קונסט פונ'ם העכסטען סאָרט... זעהר אַ שעהנע וואוינונג פאר אַ אידישען נציב און אפילו פאר אַ אידישען פּרעזידענט אויך... די קירכע?... — ניש־קשה, קען אויך זיין אַ שעהנער „בית־הכנסת".

קומענדיג צוריק, איז שוין אין הויז אַלעס געווען גרייט צום סדר. עס זיינען זיך באַלד צוזאַמענגעקומען אייניגע קרובים און פריינד, איינגעלאַדענע צו פראַווען צוזאַמען דעם סדר... מיר איז אָפּגעגעבען געוואָרען דער כבוד צו זיין דער „מלך" פון דער סדר־צערעמאָניע, וועלכען איך האָב אקסעפּטירט מיט גרויס פארגעניגען. איך האָב געזאָגט די הגדה וואָרט ביי וואָרט מיט דער הברה הספרדית, און אַלע האָבען מיר נאָכגעזאָגט פּסוק נאָך פּסוק. דער קליינער פיער־יאָהריגער יצחק, קאָטלער'ס בן־יחיד'ל, האָט פון צייט צו צייט אונז אָפּגעשטעלט, פרעגענדיג מה־זה? ולמה זה? און אויף יעדע פון זיינע קשיות, וועלכע האָבען באַטראָפען אין די צאָהל פיעל מעהר פון פיער — אפשר פיער מאָל פיער — האָט, נאַטירליך, געמוזט געגעבען ווערען אַ ריכטיגער ענטפער... איך, ווי אַלע ארום טיש, זיינען געווען זעהר גוט געשטימט און אויפגעלייגט. וואָס טיפער מיר זיינען אריין אין דער הגדה, אַלץ מעהר איז געוואקסען אונזער באַגייסטערונג. און ווען עס איז געקומען צו דער צווייטער העלפט פון דער הגדה, דאָס הייסט, נאכדעם אז מיר האָבען זיך איבערגעזעטיגט מיט די געשמאַקע פסח'דיגע מאכלים און געוואָרען היבש בגילופינ'דיג פון'ם יין־כרמל, איז אונזער התלהבות געווען אויף דער העכסטער הויך... מיר האָבען געזונגען אל בנה, בנה ביתך בקרוב — גאָטעניו, בוי, בוי דיין הויז אין

דער נאָהענט, מיט אזא באַגייסטערונג, מיט אזוי פיעל ענטו־זיאזם, וועלכעס איך האָב קיינמאָל אין מיין לעבען אין גלות ניט איבערגעלעבט... און ווען איך בין געקומען צו „לשנה הבאה בירושלים“, און בין געבליבען שטעהן מיט א פראַגע־צייכען אויף מיין געזיכט, האָט קאָטלער דאָס באַלד פארשטאַנען און מיר ערקלערט, אז דאָ זאָגט מען „לשנה הבאה בירושלים הבנויה“, דאָס הייסט, מיר ווינשען זיך צו זיין איבער א יאָהר טאַקע דאָ אין ירושלים, נאָר אין א געבויטער...

איך האָב גלייך מסכים געווען צו דעם און איך האָב מיט גרויס פרייד אויסגעשריען צוזאמען מיט׳ן גאַנצען עולם: לשנה הבאה בירושלים הבנויה!...

באַלד דארויף האָבען אָנגעהויבען זיך צוזאַמענקומען געסט, גוטע פריינד פון די קאָטלערס, פראָמינענטע לייט פון ירושלים. עס איז געווען ריכטער וואלערא (דיזער קאָן קיין וואָרט אידיש — זיי רופען דאָס זשאַרגאָן). ער רעדט נאָר העברעאיש)... דר. זלקינד, דער דירעקטאָר פון הדסה אין ארץ ישראל, מיט דער פרוי; וויינשטיין, דער פרעזידענט פון ציון קאָמאָנוועלטה, וואָס איז געווען דאָ צוגאַסט פון אמע־ריקא, און נאָך איינינגע דאָקטוירים און אדוואָקאַטען, אויך הדסה שוועסטער. דער עולם האָט זיך זעהר פרעהלאך אונטערהאַל־טען. מען האָט געזונגען שעהנע לידעלאך און פריילאכע ניגונים, און עס האָט ניט גענומען לאַנג און דער גאַנצער עולם איז אַרויס פון ארום טיש און מיט א חסידישען התלהבות געלייגט הענט אויף אַקסעל און אַוועק אין אריקודעל, וואָס האָט געדויערט א היבשע צייט, ביז עס איז דערגאַנגען צום העכסטען עקסטאַז, אַן ערשיינונג וועגען וועלכער מיר גלות־אידען האָבען ניט דעם מינדסטען באַגריף...

יענע נאַכט פון פסח, יענע סדר־נאַכט אין ירושלים וועלען מיר קיינמאָל, קיינמאָל ניט פארגעסען...

## פון תל אביב קיין קאַאיראָ

און עס איז געקומען די צייט פון אָפּשייד. און שווער איז אונז געווען יענע צייט. זעהר שווער איז אונז געווען די צושיידונג מיט ארץ־ישראל. חול־המועד פסח איז עס געווען, די שעהנסטע צייט פון יאָהר. די לופט איז פול מיט פארפיום פון די געשמאַקע זיסע ריחות פון די אָראנדזשען־בוימער וואָס בליהען אין יענער צייט. די זון, נאָך ניט שטאַרק צוהיצט, ווארימט אין יענע פריה־לינג־טעג ווי א יונגע געזונטע מוטער איהר ערשט געבוירען קינד. דער ים (מיר האָבען די לעצטע טעג געקוואַרטירט ביים סאַמע ברעג פונ'ם ים) מעהר בלוי ווי אַלעמאָל, מעהר רוהיג, מעהר ליעב ווי אַלעמאָל, פול מיט פריהלינגס־פּאָעזיע. אַלעס ארום האָט, ווי צו להכעיס, אונז געצווינגען צו זיך פיל שטאַרקער ווי אַלעמאָל... און שווער איז אונז דעריבער געווען דאָס צושיידען זיך מיט אונזער לאַנד. שוין באַלד זיבען מאָנאַטען זיינען מיר געווען צושיידט מיט אונזערע ליבע קינדער און אייניקלאך און אונזער בענקשאַפט נאָך זיי איז געווען אָהן א גרעניץ, דאָך ווען עס האָט זיך דערנעהנטערט דער טאָג פון פארלאָזען דאָס לאַנד איז אונז געוואָרען אומעטיג אויפ'ן הארצען. קיין חשבון צו דיזע געפיהלען האָבען מיר זיך ניט געקענט אָפּגעבען — נאָר אזוי האָבען מיר געפיהלט. אַזוי האָב איך געפיהלט און אַזוי האָט אויך געפיהלט מיין ליבע פרוי, אַ מוטער וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט זיין אַזאַ צייט צושיידט און אזוי ווייט פון איהרע קינדער. וואו ליגט די קראַפט,

וואָס האָט אונז אזוי נעצויגען צו זיך? ווי אזוי זאָל מען אָנרופען דיזע אומגעהייערע קראפט?

די טשאפמאן־פאמיליע, מיט וועלכער מיר זיינען געפאָהרען צוזאמען קיין ארץ־ישראל און מיט וועלכער מיר האָבען די גאנצע צייט געוואוינט צוזאמען אין ארץ־ישראל, איז ביים צוריקפאָהרען צוטיילט געוואָרען. נאָר מר. טשאפמאן אליין איז געפאָהרען מיט אונז צוריק און פרוי טשאפמאן מיט די קינדער (בעלא, 22 יאָהר; אייבילע, 10 יאָהר, און עדינה, 6 יאָהר) זיינען געבליבען נאָך אויף עטליכע מאָנאטען אין ארץ־ישראל. די אורזאכע פון זייער בלייבען איז געוועזען וואָס דער מלאך פון ליבע האָט זיך דאָ אריינגעמישט און אונטער זיינע פליגלען האָט זיך פאנאנדערגעשפילט א ראָמאַן מיט אלע קליפערלאך. צי אויף די זילבער־ווייסע זאמדען פון תל־אביב'ער ברעג, ביים בלויען ים, אונטער די בריהענדע פיילעי פון דער ארץ־ישראל'דיגער זון; צי אין שטאָדט־גאָרטען, אונטער די געדיכטע פאלמען, צווישען וועלכע עס האָבען זיך דורכגעשטופט ווייסע פלעקעלאך פון דער פולער ליכטיגער לבנה; צי ערגעץ גאָר שפאצירענדיג אויף די בערג פון יהודה ארום ירושלים, וואו די שיר־השירים קלאנגען פונ'ם פאסטוך דרינגען טיף אריין אין דער נשמה און וועקען ליבע, ליבע אָהן אן ענד — אויף איינעם פון דיזע ערטער האָט בעלא, די שעהנע, גרעאָטענע טשאפמאן'ס טאָכטער, זיך באַגעגענט מיט א יונגען, שעהנעם, פיינעם בחור, לעאָן בלום; און וועד די שדכנים זיינען שוין געוועזען — צי דער ים, צי די געדיכטע פאלמען אָדער די ראָמאנטישע יהודה־בערג — דאָס פאָר־פאָלק האָבען זיך פארליבט מיט'ן גאנצען פייער פון זייערע יונגע נשמות און באשלאָסען צו בלייבען אויף שטענדיג וואוינען אין ארץ־ישראל. מיט דער חתונה האָט מען געמוזט וואַרטען אייניגע מאָנאטען אויף בלום'ס פאָטער, א רייכער ציין־פאבריקאנט פון פילאדעלפיא, וואָס קומט מיט זיין פאמיליע זיך באזעצען אין ארץ ישראל אויף שטענדיג און עפענען דאָ א ציין־פאבריק.

מערקווירדיג, אי בעלא אי לעאָן,ביידע אמעריקאנער געבאָ־

לעוועטע קינדער, ערצויגענע אויפֿן אַמעריקאַנער קאָמפאָרטאַבעלען שטייגער, אָבער אין דער ארץ־ישראל'ער אַטמאָספערע האָבען זיי באַקומען גאָר אַנדערע אידעען. דאָס ערשטע האָט בעלאַ ארונטער־געוואָרפען פון זיך איהר גוי'אישען נאָמען „בעלאַ" און זיך געגעבען אַ העברעאישען נאָמען, „יפה" (מיט דער הברה הספרדית לעזט עס זיך מיט צוויי פתח'ן—יאַפאַה). דאָסזעלבע וואָס „בעלע" באַדייטעט אין פראַנצויזיש, וואָס עס מיינט „שעהן". באַלד האָט זי זיך אויך גענומען צום ערלערנען גרינדליך די העברעאישע שפּראַך און אין אַלגעמיין אָנגעהויבען לעבען אינ'ם גייסט פון דער חלוצ'ישער ארץ־ישראל'ער יוגענד. דאָס פריהערדיג אַמעריקאַנער צושויבערט לעבען מיט די טייערסטע אָווענט־קליידער, מיט די געפאַרבטע אויגען און געפאַרבטע ליפּען — —ארונטער! און מיט גאָר אַן אַנדער גע־שמאַק און קוק אויפ'ן לעבען האָט זיך דאָס אַמעריקאַנער מיידעל גענומען איינאָרדנען צו אַ פּערמאַנענטען ארץ־ישראל'ער לעבען. און איהר חן און איהר שעהנקייט האָט זיך דאַן ערשט גאָר פאַר־דאָפּעלט און פאַרדרייפאַכט...

מיר האָבען זיך איבערצייגט, אַז „אַווירא דארץ ישראל" איז ניט נאָר „מחכים", אַז די לופט פון ארץ־ישראל ניט נאָר זי מאַכט קלוג, נאָר מען מוז נאָך צוזעצען: זי מאַכט אויך שעהנער, פיינער און איידעלער.

און איבער דיזען גליקליכען ראָמאַן, אין וועלכען „יפה", די גערעטענע טאָכטער פון אונזערע טשאַפּמאַן־פריינד, איז פאַרכאַפּט געוואָרען אין שיר־השירים לאַנד, איז אונזער גריפּע צום צוריק־פאָהרען צוטיילט געוואָרען. פרוי טשאַפּמאַן מיט די קינדער זיינען געבליבען נאָך אויף עטליכע מאָנאַטען אין ארץ־ישראל, ביז דער חתונה, און מיט אונז איז נאָר געפאָהרען ה' טשאַפּמאַן אַליין. דער מאַרשרוט איז שוין געווען אַ גרייטער: פון תל־אָביב מיט'ן אייזענ־באַהן קיין קאַהירא, מצרים, דאָרטען שטעהן אַ פּאָר טעג, נאָכהער קיין אַלעקסאַנדריע וואו עס וועט וואַרטען די „לאַפּלאַנד", אַ די־רעקטע שיף ביז ניו יאָרק.

זונטאָג, חול־המועד פסח, 8 אוהר אין דער פריה, האָבען מיר צום לעצטען מאָל געזאָגט „זיי־געזונד" צו תל־אָביב... דעם לעצטען מאָל זיינען מיר דורכגעפאָהרען די שעהנע, באַליבטע גאַסען פון דער יונגער, הונדערט־פּראָצענט אידישער, ערשטער שטאָדט פון אונזער נאַציאָנאַלער ווידערגעבורט...

אויפ'ן באַהן־הויף האָבען מיר צווישען אַנדערע געטראָפען אויך די מאַזאַרסקיס, וועלכע זיינען געקומען אונז זאָגען זייער לעצטען „זיי־געזונד". דאָס איז זעהר אַן אינטערעסאַנט פּאָר־פאָלק. זיי זיינען נאָך „גרינע", ערשט אַ יאָהר אין לאַנד. פון שיקאַגאָ קומען זיי. נאָך גאָר יונגע־לייטלאַך, אין די דרייסיגער, אָבער מענשעלאַך מיט „נשמות", און זייער אידעאַל איז פון אימער אָן געוועזען „ארץ־ישראל". אין שיקאַגאָ האָט מען שווער געאַרבייט און געביזנעוועט און געדענקט און געטראַכט האָט מען שטענדיג נאָר וועגען ארץ־ישראל. האָט מען ביידע זיך געגעבען די הענט און אַ נדר געגעבען: ווען זיי וועלען איבערצעהלען זייער אייגענס פינף און צוואַנציג טויזענט דאָלער, כאַפּט מען באַלד די צוויי קינדער, צוויי אינגעלאַך בריליאַנטען, און מען אַנטלויפט קיין ארץ־ישראל... האָט גאָט געהאָלפען, די פינף און צוואַנציג טויזענטער זיינען געקומען. יעצט איז שוין אַ יאָהר אַז זיי וואוינען אין תל־אָביב און פאַרמאָגען דאָ אַן אייגען הויז און הונדערט דונאַם לאַנד פאַר אַ פּרדס און די אינגלאַך לערנען אין גימנסיה הרצליה, און מיט זייערע שאַרפע צינגעלאַך פאַרגלעקלען זיי די אויערען אין העברעאיש... און די עלטערען זיינען נעבאַך געצוואונגען צו ענטפערען זיי עברית, רק עברית! און זייער גליק און זייער צופרידענהייט איז אָהן אַ סוף און אָהן אַ גרעניץ...

מיט דיזע יונגע־לייט, די מאַזאַרסקיס, האָבען מיר זיך זעהר נאָהענט באַפריינדעט, און ניט איין מאָל האָבען מיר צוזאַמען מיט די טשאַפּמאַנס פאַרבראַכט אין זייער הויז זעהר אַנגענעמע אָוועגדען ביי אַ גלאָז טעה מיט אַ ביסעלע גוטען ארץ־ישראל קאָניאַק און פאַר־ביסען מיט געשמאַקע קנישעקלאַך אָדער חנוכה־לאַטקעס און דערביי

פארשטעהט זיך, האָט אויך שוין ניט געפעהלט אַ לידעלע מיט אַ זמר׳ל... און דאָס אַלעס פלעגט אַזוי שעהן הארמאָנירען מיט דער יונגער באַלעבאָסטע׳ס ליבען שמייכעלע און מיט די צוויי גריי־בעלאך וואָס פלעגען זיך באַלד באַווייזען אויף איהרע פולע בעקלאך. און דער באַלאַבעסל אויך פלעגט פאַר צופרידענהייט נאָר רייבען אַ האַנט אין אַ האַנט און לאַכען מיט אַן אָפען מויל, פון וועלכען עס פלעגען זיך ארויסזעהן צוויי שורות ווייסע, געזונטע ציין, און געלאַכט... און ביידע, יונגע באַלאַבאַטימלאך פלעגען אימער לאַכען, הנאה האָבען און פרעהליך זיין, וואָס זיי האָבען זיך באַזעצט און וואוינען אין ארץ־ישראל.

מיט טרערען אין אונזערע אַלעמענס אויגען האָבען מיר זיך געזעגענט מיט אונזערע פריינד און אונזער צוג האָט באַלד מיט אַן אימפעט פארלאָזט „תחנת תל־אביב“...

שטיל און עטוואָס אומעטיג האָבען מיר פארנומען אין וואַגאָן אונזערע פלעצער און ארויסקוקענדיג דורך די האַלב אָפענע פענסטער האָבען מיר געזעהן ווי אונזער צוג לויפט דורך געדיכטע וועלדער מיט אָראַנדזשען בוימער, וועלכע באַלאַנגען צו די דערבייאיגע קאָ־לאָניעס—סאר־יעקב, רחובות, נס־ציונה און ראשון־לציון. די געל־גאָלדענע אָראַנדזשען, וועלכע ווייזען זיך שוין עטוואָס זעלטענער אין יענער צייט (פסח צייט), האָבען זיך געטוליעט און געפּרובט זיך אויסבאהאלטען אונטער די גרין־גלאַנציגע בלעטער, צווישען וועלכע עס בליהען שוין ווידער פרישע בלימעלאך און דער זיסער פאַר־פיומען־ריח פון די פּרדסים האָט אָנגעפילט אונזערע לונגען און אויך אָנגעפילט אונזערע הערצער מיט בענקעניש...

אין אַ ווײַלע אַרום (פערציג מינוט) זיינען מיר צוגעקומען צו דער צענטראַלער סטאַנציע „לוד“, וואו מיר האָבען שוין געטראָפען און זיך גלייך איבערגעזעצט אויפ׳ן חיפה־מצרים׳ער צוג. אין אונזער וואַגאָן האָבען מיר אָנגעטראָפען, זיך באַקאַנט און טאַקע באַלד באַ־פריינדעט געוואָרען מיט צוויי ארץ־ישראל אידען, וועלכע זיינען אויך, ווי מיר, געפאָהרען קיין אַלעקסאַנדריע צו דער „לאַפּלאַנד“

אויף אַ רייזע קיין אַמעריקאַ. איינער אַ חיפה'ר סוהר, שטאַמט פון רוסלאַנד, ערשט עטליכע יאָהר אין ארץ־ישראל, און זיך גאַנץ פיין אַרויפגעאַרבייט, פיהרט אַ גרויס קאָמסיאָן־געשעפט. זיין נאָמען „אתין" איז באַוואוסט איבער גאַנץ ארץ־ישראל. זיין רייזע קיין אַמעריקאַ איז וועגען אַ גרויסע ריעל עסטייט טראַנסעקשאָן אויפ'ן כרמל. זעהר אַן אנגענעמער, קלוגער און פעהיגער מאַן (אין אַמע־ריקאַ האָט איהם ניט לאַנג גענומען און ער האָט פאַרענדיגט אַ געשעפט מיט דער „ציון קאָמאָנוועלטה", פאַרקויפענדיג איהר אַ פאַרסעל אויפ'ן הר הכרמל אין ווערטה פון 150 טויזענט דאָלער).

דער צווייטער (אַ יליד הארץ, געבוירען אין ארץ־ישראל), נאָך גאָר אַ יונגערמאַנטשיק, אָבער ער פאַרנעמט איינעם פון די גרעסטע אַמטען אין ארץ־ישראל. ער איז כמעט די רעכטע האַנט, פריהער ביי הערבערט סעמועל און יעצט ביי פּלומער. ער איז דער „מתורגמן הראשי", דער הויפּט איבערזעצער פון אַלע אָפיציעלע פּאַפּירען, וועלכע, ווי באַוואוסט, מוזען אַרויסגעהן אין דריי שפּראַכען, נעמליך: העברעאיש, ענגליש און אַראַביש. דאָס איז זעהר אַ פאַראַנטוואָרט־ליכע אַרבייט. יעצט פאָהרט ער מיט זיין פרוי און קינד (אַ מיידעלע צוויי יאָהר אַלט) אויף עטליכע מאָנאַטען קיין אַמעריקאַ אויף וואַקיישאָן. אבאדי (אַזוי איז זיין נאָמען), זעהר אַ זאַפטיגער און פרעהליכער יונגערמאַן, מוז נעבאַך אַלע מאָל לויפען אין דער פרויען אָפּטיילונג צום קינד, וועלכעס איז אומרוהיג און שרייט אַלע מאָל: אבא, חלב, לחם (פּאַפּאַ, מילך, ברויט), און אַז מען גיט דעם „חאַלאַוו" און „לעחעם", וואַרפט עס דאָס אַוועק און שרייט ווייטער... אָבער ענדליך באַרוהיגט זיך דאָס קינד און „אָדון אבאדי" איז שוין מיט אונז. עס פאַרפיהרט זיך אַ לעבהאַפטער געשפּרעך, עס פאַרשטעהט זיך — אין העברעאיש (אבאדי קען כמעט גאָרניט רעדען אין אידיש, קוים וואָס ער פאַרשטעהט עטוואָס). מיר דערוויסען זיך פון אבאדי'ן פילע אינטערעסאַנטע זאַכען פון הינטער־קוליסען פּאָליטיק פאַר דער צייט פון הערבערט סעמיועל'ס רעזשים (ער איז אויך געוועזן אין הויז ביי סעמועל'ן אַ היימישער, אַ בן־בית, ער

האָט געלערנט מיט ליידי סעמועל העברעאיש). אונזער געשפּרעך איז נאָך לעבעדיגער געוואָרען, ווען מיין ליבע פרוי, די איינציגע באַלאַבאָסטע צווישען אונז, האָט אָנגעהויבען אַרויסנעמען און צו־וויקלען די פּעקלאַך עסענוואַרג וואָס זי האָט מיטגענומען אויפ'ן וועג; און ביי מר. טשאַפּמאַן איז באַלד אויסגעוואַקסען אַ פלאַש קאָניאַק נומער 23 (דיזער נומער איז דאָ דער בעסטער). אונזער פריהערדיגער אומעט האָט אָנגעהויבען ביסלאַכווייז זיך צוגעהן, מיר זיינען געוואָרען מעהר מוטיג, מעהר לעבעדיג און אונזער רייזע, וועלכע האָט זיך באַדאַרפט ציהען כמעט דריי וואָכען לאַנג, האָט אָנגעהויבען ווערען אין דער געזעלשאַפט פון אונזער אנגענעמער גרופּע זעהר אינטערעסאַנט.

אונזער צוג שטעלט זיך אַלע מאָל אָפּ ביי אַ סטאַנציע אויף אַ פּאָר מינוטען. איך פאַרצייכען אין מיין נאָטיץ־ביכעל די נעמען וואָס שטעהען אָנגעשריבען אויף יעדער סטאַנציע אין העברעאיש מיט גרויסע בוכשטאַבען, ווי: יבנה, אשדוד, עזה, א. ז. וו. צו דער רעכטער זייט זעהט זיך דער מיטעללענדישער ים. צו דער לינקער וואַרפען זיך דורך זאַמדיגע סטיעפּעס, פאַרצייכענס פון דער אָנפאַנגענדער מדבר (מדבר פּארן, די מערב'דיגע ענד פון מדבר סיני), צווישען וועלכע עס זעהען זיך אַאַזיסען מיט דערפלאַך: „חזות־יונה", „אל־עריש" און „באר־אל־עבד", מיט געדיכטע וועלדער פון תמרים (טייטעל בוימער). די פענסטער אין די וואַגאָנען ווערען אַלע צוגעמאַכט נאָך באַלד פאַרבייפאָהרענדיג „עזה", ווען ניט וואָלטען אַלע וואַגאָנען פול געוואָרען מיט זאַמד פון דער מדבר...

אַרום זעקס אוהר אָווענד דאָס הייסט אומגעפעהר נאָך אַכט שטונדען רייזע פון תל־אָביב, זיינען מיר אָנגעקומען קיין קאַנטאַראַ, די גרעניץ צווישען ארץ־ישראל און מצרים. דאָס הייסט מיט אַנדערע ווערטער, מיר האָבען דורכגעמאַכט אונזער רייזע צווישען ארץ־ישראל און מצרים אין עטוואָס וועניגער צייט ווי אונזערע עלטערען אַמאָל צווישען מצרים און ארץ־ישראל. זיי — אין פערציג יאָהר און מיר — אין אַכט שטונדען... אַ היבשער אונטערשיד אין

שנעלקייט פון דער צייט !... ווי שנעל היינטיגע צייטען ווערען זאכען דערגרייכט ! וואָלטען נאָר אונזערע אידען געוואָלט, וואָלטען נאָר אונזערע מיליאָנערען ניט געהאַט אַזעלכע פאַרשטיינערטע הערצער, ווי שנעל מיר וואָלטען געקענט ביי יעצטיגער צייט אויפבויען אונזער לאַנד און ענדליך האָבען אונזער אייגענע נאַציאָנאַלע היים !

ביי קאַנטאַרא זיינען מיר דורכגעפאָהרען מיט אַ פערי־שיפעל דעם „סועז קאַנאַל”, דער באַוואוסטער „סועץ”, ניט קיין שטאַרק ברייטער וואַסער פּאַס, אָבער איינער פון די וויכטיגסטע וועלט־פּונקטען, אין וועלכען ענגלאַנד'ס גאַנצע נאָהענט־מזרח'דיגע פּאָליטיק איז קאָנצענטרירט. אין עטליכע מינוט צייט זיינען מיר איבער־געפאָהרען פון איין וועלט־טייל אין אַ צווייטען, פון אַזיע קיין אפריקא (ארץ־ישראל איז אין אַזיע און מצרים איז אין אפריקא).

אין קאַנטאַרא'ר צאָל־הויז זיינען אונזערע געפּעק דורכגעגאַנגען בשלום, אָהן איבעריגע שוועריגקייטען. אַ אידעל איז באַלד דאָרט אויסגעוואקסען לעבען אונז און האָט אונז פאַר אַ האַלבען פונט זעהן פיין באַדינט. ארום צעהן אוהר אָוועגד זיינען מיר אָנגעקומען קיין קאַהירא און זיך אָפּגעשטעלט אין סענטראַל האָטעל, וואו דער אייגענטימער ה' בלום, זעהר אַ פיינער איד און איבערגעבענער ציוניסט, האָט אונז זעהר שעהן צוגענומען און אויך זעהר גוט באַהאַנדעלט.

# קאַאירא

אויף צו זעהן קאהירא, די הויפט שטאָדט פון מצרים מיט איהרע מערקווירדיגע פּלעצער, ווי די פּיראמידען, דעם ספינקס, א. ז. וו. איז אונז געבליבען נאָר איין טאָג, מאָנטאָג. דינסטאָג גאַנץ פריה האָבען מיר געמוזט יאָגען קיין אלעקסאנדריע צו אונזער שיף. ה׳ בלום האָט אונז געגעבען אַ גייד (וועג־ווייזער) זעהר אַ פיינעם אידישען יונגען מאַן, אַ סטודענט פון אַ היגען אוניווערזיטעט פאַר אלטע שריפטען און העראָגליפען. ער האָט אונז אויך צוגע־שטעלט אַן אויטאָמאָביל, טאקע איינעם פון זיינע אייגענע, וועלכע ער האַלט פאַר׳ן צוועק אוּ באַדינען זיינע געסט־טוריסטען (פאַר דריי פונט אַ טאָג).

ארום ניין אוהר אין דער פריה האָבען מיר זיך ארויסגעלאָזט גלייך צו די פּיראמידען, אַרום אַכט מייל הינטער דער שטאָדט. מיר זיינען אריבער די בריק איבערן „נילוס״ און דורכגעפאָהרען דאָס שעהנע פאָרשטעדטעל „גושן״, די נאַכבארשאפט פאַר די רייכע. יענער „גושן־מצרים״, וואָס מיר געדענקען איהם אזוי גוט פונ׳ם חומש, וואו יוסף האָט אויסגעקליבען צו באַזעצען דעם פאָטער מיט די ברידער דאָרטען. ס׳איז נאָך דעמאָלט געווען דער „מיטב הארץ״ביים ברעג פונ׳ם נילוס, אַ מין ריווערסייד דרייוו. מיר זיינען גע־פאָהרען דעם גאַנצען וועג מיט דער לענג פונ׳ם נילוס, פון וועלכען עס שניידען זיך אַרויס אומצעהליגע קאַנאַלען און צושפּרייטען זיך

איבער'ן גאַנצען לאַנד. דיזע קאַנאַלען טרינקען אַן און באַוואַסערען די פעלדער דורך מאַשין־רערען. קיינע רעגענס געהען דאָ נים. העכסטענס געהען דאָ צוויי אָדער דריי רעגענס אַ יאָהר. די פלאַכקייט פון דער ערד און די נאָהענטקייט פון דער גרויסער מדבר „סאַכאַראַ" (מיר זעהען זי שוין פון ווייטענס נאָך באַלד אויסער'ן שטאָדט) שאַפט דאָ אַזאַ קלימאַט. אָבער דער נילוס מיט זיינע קאַנאַלען מאַכען די פעלדער צום וואַקסען פיער און פינף מאָל אַ יאָהר... און באַלד קומט ארויף אויפ'ן הארצען אַ קנאה מיט אַ פאַרדרוס: פאַרוואָס זאָל אונזער ירדן אויך נים אַזוי אויסגענוצט ווערען? דער ירדן שפּאַלט דאָך דורך גאַנץ ארץ־ישראל פון צפון צו דרום! רוטענבערג טראַכט וועגען דעם, אָבער וואו זיינען אונזערע מיליאָנערען, וועלכע זאָלען איהם געבען די מעגליכקייט צו פאַרווירקליכען זיינע פּלענער?

צווישען די הויכע פּאַלמען און באַמבוק־בוימער, דורך וועלכע מיר זיינען פאַרבייגעפאָהרען, האָבען מיר געזעהן אַ פּאָר סטראוספויגלען, זיך אָפּשטעלענדיג און עפּעס ווי באַוואונדערענדיג אונז „פרעמדע"...

צוקומענדיג נאָהענט צום פּלאַץ האָבען מיר געמוזט לאָזען אונזער אויטאָמאָביל, ווייל ביז צום פּיראַמיד און ספינקס איז דער וועג זעהר אַ קרומער, בערגיג, טאָליג און זיג־זאַגיג. אהין געהען די טוריסטען אַרויף מעהרסטענס צופוס און אַז מען פאָהרט, פאָהרט מען אויף אַ קעמעל אָדער אויף אַ קאַרעטקעלע געשפּאַנט צו איין פערד (שוין איין מאָל פערדעלאָך — לסוסתי ברכבי פרעה!), געפיהרט פון אַן אַראַבער, וועלכער געהט מיט און האַלט עס צו ביים צוים. הונדערטער אַראַבער שטעהען גרייט מיט זייערע פאַרפּוצטע קעמלען און באָטען זיך אָן אייך צו באַדינען... די אָנגעבראָטענע אַראַבישע פּנים'ער מיט זייערע דורכדרינגענדע אויגען דערקענען באַלד אין אייך דעם „אַמעריקאַנער" און האָבען שוין גרייט פאַר אייך אַ פּאָר צובראָכענע ענגלישע ווערטער. אייניגע פון זיי, אָנבאָטענדיג זייערע קעמלען, האָבען זיך אפילו אויסגעלערנט צו שרייען:

„יעלאַ טעקסי!"... מיר האָבען, נאַטירליך, זיך געזעצט אין אַ קאַרעטקע. טשאַפּמאַן האָט זיך געכוואַטעוועט בעסער אויף אַ קעמעל. שפּעטער איז מיין ליבע פרוי, טאַקע ווי אַ בריינדעלע קאָזאַק, אַ געזונד אין איהרע ביינער, אויך אַריבער אויף אַ קעמעל...

מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט ביים פּיראַמיד, וועלכער איז איי־נער פון די גרעסטע און די עלטסטע — פינף טויזענט יאָהר אַלט, פופצעהן הונדערט יאָהר איידער די אידען זיינען אריין קיין מצרים. פון צוויי און אַ האַלב מיליאָן קוביק שטיין איז ער אויפגעבויט. אינוועניג זיינען מיר ניט אַריינגעגאַנגען. מיר האָבען אויך, נאַ־טירליך, ניט געוואַגט, ווי אַנדערע טוריסטען, צו קלעטערען און זיך אַרויפדראַפּען ביז צום שפּיץ, פון וואַנען איינער איז טאַקע דעם זעלבען טאָג, אַרונטערגעפּאַלען און גלייך אויפ'ן אָרט דער'הרג'עט געוואָרען... אונזער גייד האָט אונז דערצעהלט וועגען די אינווע־ניגסטע קברים וואָס אין פּיראַמיד, און וואָס די געלערענטע וועלט זאָגט וועגען דעם גרויסען וואונדער וואָס ליגט אין דיזער מיסטעריעז־געבויטער, גיגאַנטישער געביידע עפּעס, אַז נאָר דורך איינשטיין'ס טעאָריע קען פאַרשטאַנען ווערען דיזער וואונדערליכער פּיראַמיד פון דער פערטער מצרים'שער דינאַסטיע... פון ווייטענס האָבען מיר געזעהן נאָך אַנדערע פּיראַמידען. יענע, האָט אונז דער גייד געזאָגט זיינען שוין פון אַ שפּעטערער דינאַסטיע — די נייצעהנטע. דאָס זיינען „מוֹאָב תחפּנחס" און „רעמסס". יענע זיינען געווען די אַרבייט פון די בני ישראל.

ביים „ספינקס" האָבען מיר זיך אָפּגעשטעלט לענגער אביסעל. אַרום דעם „ספינקס" — דער אָפּגאָט „בעל צפון", מיט אַ קאָפּ פון אַ מענשען און פיס פון אַ לייב, איז דעמאָלט געטאָן געוואָרען אויס־גראָבונגס־אַרבייט דורך הונדערטער אַרבייטער, מעהרסטענס יונגע עגיפּטישע שיקסלאַך. אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ פּאָר אויפ־זעהער, וואָס שטעהען איבער זיי ווער מיט אַ פּייקעל און ווער מיט אַ רוט, לויפען די שיקסלאַך מיט די אָנגעפּילטע שווערע קאָשיקעס אויסגעגראָבענע זאַמד. שורות־ווייז, איינע נאָך דער צווייטער,

לויפען זיי אין אַ כאָר געזאַנג פון אומעטיגע מאָנאָטאָנע קולות, וועלכע מאַכען אויף אייך דעם איינדרוק פון דער אַמאָליגער עבֿדים־היינו׳דיגער עבודת־פּרך... די ברענענדע זון האָט געבראָטען און געקאַלעכט די ווייסע מדבר זאַמד. אין דער לופט האָבען זיך גע־מישט די קולות פון די אַרבייטער און פון די פילע אַראַבער וואָס לויפען נאָך די טוריסטען מיט פאַרשידענע אָריענטאַלישע אַרטיקלען צום פאַרקויפען. צו מיר האָט זיך אָנגעטשעפּעט אַן אַראַבער מיט עפּעס אַ פּאָר גרינע שטיינדעלאַך... און וויפיל איך טענה מיט איהם: מצרי, וואָס האָסטו צו מיר, לאָז מיך צורוה! אָבער עס האָט ניט געהאָלפען ניט מיין אידיש און ניט מיין ענגלישער בייזער „גיראַרי־היר", איך האָב געמוזט צונעמען ביי איהם די שטיינדעלאַך און אַריינגעשטופּט איהם עטליכע פּיאַסטער.

דעם עגיפּטישען מוזעאום מיט די אויסגעגראָבענע פּרעה׳ס האָבען מיר צום באַדויערען, ניט געקענט זעהן, ווייל מאָנטאָג איז ער געשלאָסען, און מיר האָבען מעהר ווי איין מאָנטאָג ניט געקענט שטעהן אין קאַהיראָ.

צווישען די פאַרשידענע מערקווירדיגקייטען אין קאַהיראָ האָ־בען מיר געזעהן דעם „מאַסק־מחמד־אלי", וואָס איז שוין אַלט אַכט הונדערט יאָהר, נאָך פאַר׳ן רמב"ם׳ס צייט. ער איז געבויט פון גאַלע מאַרמאָר און אַלבאַסטער, וואָס מען האָט אַרונטערגענומען פון די פּיראַמידען. די גאָלדענע אַרקען, די קרישטאָלענע לאָמפּען (דרייצעהן הונדערט אין צאָהל, אַליין האָב איך זיי ניט געצעהלט, אָבער איך האָב גענומען דעם גייד׳ס וואָרט פאַר דעם...) און די טייערסטע אָריענטאַלישע טעפּיכער אין ווערטה וואָס עס איז גאָר אוממעגליך אָפּצושאַצען, דיזעס אונגעהייערע רייכטום וואָס מיר האָבען דאָ געזעהען, האָט אויף אונז אידען, וואָס מיר קומען נאָר־וואָס פון ארץ־ישראל און צוגעזעהן דאָרטען דאָס אָרימקייט, גע־מאַכט זעהר אַ שמערצליכען איינדרוק... זיי הייסט עס, פאַרמאָגען טאַקע רייכטום, האָבען עס טאַקע, און אויף אונז זאָגט מען נאָר, מען מאַכט נאָר אַ בלבול, אַז מיר זיינען רייך...

ארומפאָהרענדיג קאאיראָ׳ר גאַסען זיינען מיר אויך דורכגע־פאָהרען דעם אידישען קוואַרטאַל. דאָרט געפינען זיך ביי היינטיגען טאָג פערציג טויזענט אידען. צווישען זיי זיינען אויך דאָ אידען, וואָס פאַרמאָגען אויך היבשע עטליכע מיליאָן פונט. אָט פון דאַנען האָט משה דאָס געצויגען די אידען און דורכגעמאַכט דעם יציאת־מצרים.

מיר האָבען זיך אויך אָפּגעשטעלט ביי „בור יוסף". דאָרטען, הייסט עס, איז געלעגען יוסף, ווען ער האָט אויף זיך געהאַט די מעשה מיט פּוטיפרע׳ן. דער גרוב איז 153 מעטער טיף און איז פון איין גרויסען ריזיגען פעלז אויסגעהאַקט. און פון דאָרטען, הייסט עס, האָט יוסף געגעבען זיין פּתרון צו פּרעה׳ס חלומות און עס האָט זיך אָנגעהויבען וויקלען די אייביג אומפאַרגעסענע פאַר אונז געשיכטע פון מצרים...

דורכפאָהרענדיג פאַרביי דעם נילוס האָט אונז דער מורה־דרך אָנגעוויזען אויף אַ פּלאַץ, אַז דאָרטען הייסט עס, האָט בתיה, די טאָכטער פון פּרעה, אָפּגעלאָזט משה׳ן אין אַ קעסטעלע אויפ׳ן טייך... קיין שבועה, צי דאָס איז אמת טאַקע דער פּלאַץ, דער „שפת היאור", וואו משה איז אַרומגעשוואומען אין קעסטעלע, האָבען מיר ביים גייד ניט געפאָדערט. וואָס איז די נפקא מינה ? זאָל דאָס זיין דאָ... מיר האָבען, ווי אומעטום, אויך דאָ גענומען דעם גייד׳ס וואָרט דערפאַר און מיר האָבען פאַרענדיגט אונזער רייזע איבער דער הויפּט שטאָדט פון מצרים.

## פּאָמפּעי

אַרויספאָהרענדיג מיט דער „לאַפּלאַנד" פון אַלעקסאַנדריע, האָבען מיר פונ'ם ערשטען טאָג אָן אָנגעהויבען פאַרבייפאָהרען ביי די ברעגען פונ'ם מיטעללענדישען ים זעהר אינטערעסאַנטע פּלעצער. מיר האָבען געזעהן פון וויטענס דעם באַרג „עטנאַ", ווי עס רויכערט זיך פון איהם ווי פון אַ קוימען פון עפּעס אַ קליינער פאַבריק. מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט ניט ווייט פונ'ם ברעג פון „סיראַקוז" ביים אינזעל סיציליע. סיציליאַנער אויף שיפלאַך מיט פולע קאָשיקעס פרוכט האָבען אַרויפגעוואָרפען צו אונז אויף דער שיף שטריקלאַך און איבער די שטריקלאַך האָבען זיי אַזוי בריה'ש און פאַכמאַניש אַרויפגעשיקט צו אונז די פרוכט און די לעדיגע קאָשיקלאַך האָבען אויף צוריק געפיהרט אונזערע מאָנעטעס וואָס האָבען באַצאָהלט פאַר די פרוכט...

אונזער שיף איז ביי דיזען ברעג אָפּגעשטאַנען אַ פּאָר שטונדען, וואו מיר האָבען געהאַט דעם פאַרגעניגען צו פאַרברענגען מיט אונזערע לאַנדסלייט פון ניו יאָרקער מאָט און מוילבערי סטריטען, די ריכטיגע נעסטען פון די סיציליאַנער באַנאַנען־פאַרקויפער, און דאַן זיינען מיר זיך געפאָהרען ווייטער אונזער וועג.

צווישען פאַרשיידענע אַנדערע קלענערע און גרעסערע אינזלען מיט וועלכע דער מיטעללענדישער ים איז אַזוי רייך האָבען מיר אויך פאַרבייפאָהרענדיג געזעהן דעם אינזעל „קאַפּרי", דאָס איז

א װאונדערבארע שטיק נאטור, צװישען צװײ פעלזען־בערג װאָס זײער שפּיץ גרײכט ביז׳ן הימעל, ליגט זיך געמיטליך אויסגע־שפּרײט א טאָל װי א גרויסער גרינער קארפּעט, אויף װעלכען עס זעהען זיך װי װײסע פינטעלעך די הײזקעס פונ׳ם אינזעל און שפּיגלען זיך און מישען זיך מיט די בלויע כװאַליעס פונ׳ם ים...

אויף דיזען אינזעל האָט גאָרקי, דער באַװאוסטער רוסישער שריפטשטעלער געװאוינט א שטיק צײט אויף דער עצה פון די דאָקטוירים כדי זיך צו ערהאָלען פון זײן שלאַפקײט. זעהר א ברי־ליאנטענער פּלאַץ פאר דיכטערישע אינספּיראציעס...

דעם 9טען אפּריל, האָט זיך אונזער שיף אָפּגעשטעלט אויף גאנצע דרײ טעג אין נעאפּאָל, פּונקט 12 אוהר, באלד װי מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט האָבען מיר פּלוצים דערהערט א פײפערײ פון אלע שיפען װאָס געפינען זיך אין נעאפּאָלער פּאָרט. דאָס איז געװען, האָבען מיר זיך באלד דערװאוסט, צוליב דעם װאָס דער 9טער אפּריל איז דער טאָג װאָס איטאליע איז ארײן אין דער װעלט־מלחמה... זעהר א גליקליכער טאָג פאר דער מענשהײט, ס׳איז װירקליך כדאי איהם אויסצופײפען...

אין נעאפּאָלער פּאָרט איז אונזער „לאַפּלאַנד" געשטאנען קארגע דרײ טעג, פון פרײטאָג אין דער פריה ביז זונטאָג פאר־נאכט. נעאפּאָל מיט איהרע געדיכט באװאוינטע גאסען, (זי פאר־מאָגט א מיליאָן אײנװאוינער) און מיט איהר אויסגעצײכענטער אומרײנקײט האָט זי זיך אונז אויסגעצײגט פּונקט װי דער איטא־ליענישער קװארטאַל אין ניו־יאָרק, און האָט אויף אונז געמאכט זעהר א קנאפּען אײנדרוק. „זעה נעאפּאָל און שטארב"! ?... נײן, ס׳איז ניט כדאי צו שטארבען... אפילו צו לעבען דאָרטען איז אויך ניט כדאי... און, באמת, װי שעהן, גראנדיעז שעהן דער נעאפּאָלער האלב רונדער ברעג זעהט ניט אויס איבער װעלכען עס זעהען זיך די אמאלפיע־בערג און דער „װעזואװי" װאָס שפּינעלט זיך מיט זײן רויכערענדען קוימען אין דער טיף פונ׳ם ים, איז אלץ אין א״י דער חיפה׳ר ברעג מיט זײן גרינעם כרמל־קאָפּ פיל שעה־

נער און פּרעכטיגער פון איהם. בעסער און ריכטיגער איז: „זעה חיפה׳ר ברעג־ים ביי די פיס פון׳ם כרמל און — לעב״!... לעב דאָרטען אין דיין שעהנעם לאַנד צוזאַמען מיט דיין ווידעראויפ־לעבענדען אידישען פאָלק!

אין די שטאָדט נעאַפּאָל האָבען מיר זעהר ווייניג פאַרבראַכט, אויסער וואָס אונזער גרופּע האָט אויסגעגעבען דאָרטען אַ היבשע פּאָר דאָלאַר אין די דעפּאַרטמענט סטאָרס און איינגעהאַנדעלט מציאות. (דאָרטען איז באמת אַלעס שפּאָט־ביליג אַנטקעגען די אַמעריקאַנער פּרייזען). דער הויפּט איז געווען צו זעהן „פּאָמפּעי״, די אַלטע אויסגעגראָבענע שטאָדט, וואָס צוריק מיט 19 הונדערט יאָהר איז זי פאַרגאָסען און באַגראָבען געוואָרען פון אַ זודיגער לאַווא פון׳ם בארג וועזוואווי, וועלכער איז הפּנים, איבער עפּעס, אויף איהר אַמאָל אין כעס געוואָרען און אַ כראַקע געטאָן אויף איהר. פאַרשידענע אורזאַכען גיט מען די לעגענדע דערצו, איין סברא איז, אז דאָס האָט זי, די שטאָדט פּאָמפּעי, באַקומען איהר שטראָף פאַר איהר אויסגעלאַסענקייט. די שטאָדט איז באַוואוסט אין דער היסטאָריע מיט איהר שאַרפער אויסגעלאַסענהייט. דער גייד וואָס האָט אונז אַרומגעפיהרט און אויסגעוויזען פאַרשידענע אַנדערע חורבות פון געביידעס האָט אונז אויך געצייגט אַ פּלאַץ וואו פרויען פלעגען דאָרטען טאַנצען אין חוה׳ס קליידער... אין דער לאַבי שטעהט נאָך איצט אַ מאַרמאָרנע סטאַטוע פון אַ נאַקע־טער פרוי אין אַ פּאָזע ווי זי טאַנצט און ביים אַריינגאַנג איז מיט מאָזאיקא אויף שטיין איינגעקלאַפּט אויף לאַטיין דאָס וואָרט „וועלקאָם״.

מיר האָבען אויך געזעהן די חורבות וואָס זיינען אַמאָל געווען בתי־זונות מיט אויסגעהאַקטע פון שטיין בעטלאַך אין יעדען צימער און אויף די ווענט זיינען אויסגעמאָלען פאַרשידענע עראָ־טישע בילדער, פון וועלכע אפילו אַ מאָסקווער קאַצאַפּ קען פאַר־שעמט און רויט ווערען איבער די אויערען... אָט, איבער דעם הייסט עס, איז די שטאָדט פּאָמפּעי דאן פאַרשפּיגען געוואָרען פון׳ם

פייערשפייענדען וועזוּאווי. אויף איין אָרט האָט מען געפונען אויף א וואנט אויפגעשריבען די ווערטער „סדום און עמורא״, א נבואה, הייסט דאָס, אז די שטאָדט וועט אמאָל חרוב ווערען...

און אַנדער יש־אומרים איז פאראַן, אז „חורבן פּאָמפּעי״ איז געווען א דירעקטער ענטפער צו „חורבן־ירושלים״. ס'האָט גע־טראָפען פונקט צום נײנטען יאָהרצייט פון דער חרוב געוואָרענער הייליגער שטאָדט דורך די רוימער און פּאָמפּעי'ער סאָלדאטען (79 יאָהר נאָך קרייץ־צעהלונג).

ה׳ אתין, אונזער חיפה'ער פריינד, וואָס איז געווען אין אונזער גרופּע האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבען טיטוס'עס א סטאטוע און זיך געווענדעט צו איהם אין העברעאיש: „ידוע תדע, טיטוס, כי „ירושלים״ שהחרבת נבנה ע״י עם־ישראל ושמך יהיה חרות לשמצה ולדראון עולם״! (זיי וויסען, טיטוס, אז „ירושלים״ וואָס די האָסט חרוב געמאכט ווערט געבויט דורכ'ן אידישען פאָלק און דיין נאָמען וועט איינגעקריצט זיין צו חרפּה און צו אייביגער שאנדע). דער תמימות'דיגער טאָן מיט וועלכען דיזע ווערטער זיינען גע־זאָגט געוואָרען האָט אויסגעקלונגען עפּעס ווי א בת־קול, דער־מאָנענדיג און אָנצייגענדיג אויפ'ן סוף פון אַלע אונזערע שונאים...

צווישען די פאַרשידענע פּלעצער וואָס מיר האָבען געזעהן אין דער אויסגעגראָבענער שטאָדט פּאָמפּעי האָבען מיר געזעהן דעם היסטאָריש־באוואוסטען אמפיטעאַטער מיט 15 הונדערט פון שטיין אויסגעהאַקטע פּלעצער פאַר צושויער מיט א גרויסען שעהנעם סטיידזש. דעם טעמפּעל יופּיטער מיט א מזבח פאַר קרבנות. פּאָבליק־בעדער מיט שטיינערנע שאפעס צו באהאַלטען די אויסגעטאָנענע קליידער ווען מען באָדט זיך. א גרויסער הויף פאַר גימנאַסטיק נאָך דער באָד. א שווערער שטיינערנער באָל, מיט וועלכען מען פלעגט מאכען פאַרשידענע גימנאַסטיק.

מיר האָבען אויך געזעהן די פּלעצער וואו עס זיינען געווען דער מאַרק, די בירזע און די געריכט־הייזער און אַנדערע פּאָבליק און פּריוואטע געביידעס פון עכט שעהנער אַרכיטעקטור מיט זיילען

פון רוימישען סטיל. נאָהענט צו צוויי טויזענט יאָהר איז דיזע גאַנצע שטאָדט מיט אַלע איהרע גאַסען געווען פאַרשאָטען און טיף באַגראָבען אין דער ערד און איצט שטעהט זי אַזוי פריש און לעבעדיג. איהר קוקט, באַוואונדערט און גלויבט ניט אייערע אויגען וואָס זעהען דאָס...

פילע וואונדערליכע זאַכען זיינען דאָרטען געפונען געוואָרען וועלכע מ'האָט צוזאַמענגענומען אין איין גרויסען צימער וואָס שטעלט פאָר מיט זיך אַ מוזעאום. אונטער גלאָז האָבען מיר דאָרטען געזעהן פיגורען פון מענער און פרויען פון יענער צייט באַ־דעקט מיט לאַווא און די פיגורען זיינען אַזוי גאַנץ, די שטריכען פון די קערפּערס זיינען אַזוי שאַרף און בולט, און אויסגעסקולפּטורט פון דער לאַווא אַז, דאַכט זיך דער גרעסטער סקולפּטאָר וואָלט קיין בעסערע קונסט ניט געקאָנט אַרויסגעבען. אויך אַזאַ פיגור האָבען מיר דאָרט געזעהן, פון אַ הונט באַדעקט און פאַרסקולפּטורט מיט דער לאַווא. איינע פון די וואונדער־זאַכען וואָס האָט צוגעצויגען דאָס אויג איז געווען אַ קוכען אויף אַ טאַץ, וואָס איז געפונען גע־וואָרען דאָרטען. דער קוכען איז רונד און געפלאָכטען און צייגט אויס, אַזוי פריש, נאָר וואָס פון אויוועץ אַרויסגענומען.

ס'איז שוין געווען שפּעט נאָך האַלבען טאָג, ווען מיר האָבען פאַרלאָזט פּאָמפּעי און זיך געזעגענט פון ווייטען מיט'ן וועזוּאווי, וואָס שטעהט זיך אַזוי תמ'עוואַטע און רויכערט זיין ליולקע גלייך ווי גאָרניט, און מיר האָבען זיך ווידער געלאָזט איבער די שטויביגע נעאַפּאָלער גאַסען אויפ'ן וועג צוריק צו אונזער שיף. ס'איז געווען פרייטאָג פאַרנאַכט און אונזער ארץ־ישראל'ער פריינד אתין, אַן אמת'ער שומר־שבת האָט געיאָגט אונזער גרופּע צו פאָהרען גיכער, אום ניט מחלל־שבת זיין. אין שיף האָט אתין געמאַכט קידוש אויף ארץ־ישראל קאָניאַק און געזאָגט יעדען פון אונז: „שבת־שלום"!

# מאָנטע־קאַרלאָ

מאָנטאָג, דעם 12טען אפּריל, אַ טאָג נאָך אונזער פּאַרלאָזען נעאַפּאָל, האָבען מיר אָנגעהויבען פּאַרבייפאָהרען די „ריוויערא". דאָס איז אַ לאַנגע קייט פון הויכע, וואונדער שעהנע בערג, פון אונטער וועלכע עס שטעקען אַרויס און קריכען אין הימעל אַריין די אַלפּען מיט זייערע ווייסע שנעיאיגע קעפּ. די ריוויערא איז באַוואוינט פון קליינע מדינה'לעך ווי מאנאקא, מאנטע־קארלא, ניצע, סאן־רעמאָ און אַנדערע. מענדעלע מוכר־ספרים מיט שלום־עליכם'ען האָבען איינמאָל אין דיזען נאַטור־צויבערענדען פּלאַץ וואָס הייסט „ריוויערא" זיך געטראָפען און פאַרבראַכט צוזאמען. צווישען שלום־עליכם'ס שריפטען איז ערגעץ פאַראַן אַ באַשרייבונג מיט'ן נאָמען „ריוויערא", וואו ער דערצעהלט וועגען זיין טרעפען זיך אין יענעם „גן־עדן" מיט'ן זיידען מענדעלע.

אונזער שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף 6 שטונדען צייט ביי מאנטא־קארלאָ. צום ברעג זיינען מיר צוגעפאָהרען מיט אַ קלענערער שיפעל, אויף וועלכער עס האָבען זיך אויפגעזעצט נאָר עטליכע צעהנדליג פּאַסאַזשירען פון דער „לאַפּלאַנד". די מעהרסטע רייזענדע האָבען דאָ ניט געוואָלט אָפּשטייגען, ווייל דער וועטער איז געווען זעהר אומגינסטיג און דער ים שטאַרק אומרוהיג, האָבען זיי בעסער אויסגעמידען דעם צופאָהר מיט'ן קליינעם שיפעל צום ברעג, וועלכעס איז ווירקליך אין יענעם טאָג געווען צו ריזיקאַליש צו טאָן. אונזער גרופּע אָבער האָט באַשלאָסען דאָס יאָ צו טאָן. וואָס הייסט

עפּעס ניט זעהן מאָנטע־קארלאָ? ווי קען דאָס מעגליך זיין צו זיין אזוי נאָהענט לעבען אזא הייליג אָרט, די מעקא פון אלע געמבלערס און ניט א בליק טאָן אויף דארויף?

שוין דער האפען אליין מיט זיינע צעהנדליגע רייכע פּריוואטע יאכט׳ס פון פארשידענע גרויס און פארבען, צווישען וועלכע ס׳האָט זיך באזונדער ארויסגעזעהן איינע וואָס האָט באלאנגט צו דעם געוועזענעם קייזער ווילהעלעם, (איצט באלאנגט זי צום מאנטאָ־קארלאָ׳ר פּרינץ) און די בלענדענדע רייכקייט וואָס איהר דער־זעהט דאָ באלד צופאָהרענדיג צום ברעג, ברענגט אייך שוין ארויף אויפ׳ן געדאנק, אז דאָס איז ניט פון א כשר פארדינטען דאָלאַר... אזוי פארגינען זיך קען מען נאָר טאקע אין מאנטא־קארלאָ, וואוהין די גרעסטע וועלט־נאראָנים קומען און לאָזען זיך אזוי לייכט באַ־שווינדלען.

מיר זיינען גלייך צוגעפאָהרען צום קאסינאָ, צום טעמפּעל פון דער געמבלער־קונסט און אונזערע אויגען זיינען פארכאפּט גע־וואָרען פון דער צויבערענדער פּראכטפאָלער נאטור ארום איהם, פונ׳ם פּראכטפולען ברייטען בולווארד מיט די הויכע פּאלמען און בושעס בלומען און רויזען, וואָס נאָר דער טייוועל אליין קען מאַ־כען אזא שעהנע אילוזיע אום צו פארנארען אהין אומשולדיגע מענשען.

אין גרויסען זאל וואו עס געהט אָן די שפּיל זיינען מיר אריינ־געקומען נאָר נאָכדעם ווי מיר האָבען געמוזט טשעקען אונזערע אויבערשטע קליידער, ווי עס פּאסט זיך פאר אזא פיין, אנשטענדיג פּלאץ... איבער׳ן ריזיג־גרויסען זאל מיט די קונסטפולע געמאָלטע ווענט און סטעליע, די מארמאָרנע געשניצטע קאלאנעס און טייער־סטע קאנדעליאברעס שטעהען אויסגעשטעלט לאנגע טישען און ביי יעדען טיש איז איינגעפּראוועט א רולעט מיט ציפערן וואָס מען לאָזט עס ביי יעדער שפּיל זיך איבערדרעהען עטליכע מאָל ביז עס שטעלט זיך אָפּ ביי א געוויסען ציפער, און ווער עס האָט געשטעלט זיין געלט אויף דיזען ציפער דער האָט געוואונען.

ביי יעדען רולעט זיצען צוויי מענשען אין יוניפאָרמען מיט לאַנגע לאָפּעטקעלעך אין די הענד צו אָפּערירען מיט דעם רולעט און צונויפשאַרען פונ׳ם טיש דיזילבערנע און גאָלדענע מאַנעטעס! וואָס ווערען געלעגט און פאַרשפּילט. אַרום די ברייטע און לאַנגע טישען זיצען פאַרשידענע מענשען פון פאַרשידענע ראַסען, לענדער און נאַציאָנען — אויך פון פאַרשידענע קלאַסען און עלטער, אָבער דאָ זיינען זיי אַלע גלייך, איין גייסט שוועבט אויף זיי אַלעמען... אַלע אויגען זיינען געווענדעט צום רולעט און זיינען אַלע גלייך אָנגעפּיהלט מיט איין און דעמזעלבען טונקעלען און אומרואיגען בליק. אָט זיצט אַ מאַן מיט אַן אַדעליגען געזיכט ווי פון אַן ענגלי־שען לאָרד און לעבען איהם איינער מיט אַ פעטער פאַרבלאָזענער מאָרדע, הפנים אַ געוועזענער חזיר־הענדלער, דאָ באַלד זיצט אַ יונגע ליידי באַהאַנגען און באַקלאַנגען מיט דימענטען און ברילי־אַנטען און לעבען איהר אַן אַלטע פאַרוויאַנעטע פרוי מיט קברים־קנייטשען אויפ׳ן איינגעפאַלענעם געקאָרטשעטען פנים. מיט איין האַנד האַלט זי צו די פענסנע און מיט דער צווייטער פאַר־צייכענט זי מיט אַ פענסיל אויף אַ שטיקעל פאַפּיר די פאַרשידענע אויסגעענגע פון דער שפּיל. קיינער רעדט ניט אויס אַ וואָרט. אַלע בליקען זיינען ווי מיט צוועקעס צוגעקלאַפּט צום רולעט, פון וואַנען עס הערט זיך דאָס שאַרען פון די לאָפּעטקעלאַך און דער קלאַנג פון די זילבערנע מטבעות. אַרום די טישען שטעהען אויך אויסגע־שטעלט צעהנדליגע מענשען צושויער, וועלכע נעמען ניט קיין דירעקטען אנטייל אין דער שפּיל, קענטיג, שוין צופיל אָפּגעבריטע, אָבער דאָך כאַפּט זיך נאָך דאָ דאָרט איינער צו דער קעשענע, פון וואַנען ער שלעפּט אַרויס אַ האַנדפול מאָנעטען צו פּרואווען נאָך אַמאָל זיין מזל. אין יענע מינוטען האָבען מיינע אויגען ווי געזעהן איבער׳ן גאַנצען זאַל פון איין טיש צום צווייטען אַרומפליהען אַ לאַנגער רויטער טייוועל מיט צוויי הערנער, אַ שפּיציג בערדעל און מיט אַ לאַנגען עק און זיין געלעכטער שאַלט און קוואַלט איבער די קליינע, נאַרישע און שוואַכע מענשעלעך...

אונזער גרופּע האָט נאָך אויף דער שיף באַשלאָסען אַז יעדער פון אונז זאָל שפּילען דאָרטען פאַר איין האַלבען דאָלאַר, ניט מעהר. מיר האָבען אויך אַזוי געטאָן, אונזערע האַלבע דאָלאַרס זיינען נאַטירליך, באַלד איינגעשלונגען געוואָרען. דער ס"מ האָט שוין געשמייבעלט, אָט דאָ, האָט ער געדענקט, האָט ער שוין נייע פריש־צאַפּעלדיגע קרבנות׳לאך, אָבער מיר האָבען איהם אַרויסגעשטעלט אַ גרויסע פייג... מיר האָבען זיך דאָס נאַר געוואָלט אַ רייץ טאָן מיט איהם און ציייגען אַז אויף אידען וואָס האָבען זיך אָנגעשעפּט מיט ארץ ישראל־לופט קען די סטרא־אחרא ניט שולט זיין...

ווען מיר האָבען פאַרלאָזט מאַנטא־קאַרלאָ און זיך צוריקגע־זעצט אויפ׳ן קליינעם שיפעל איז דער ים געוואָרען פיל אומרוהיגע־ווי פריהער. דאָס שיפעל האָט זיך געוואָרפען צווישען די בערג כוואַליעס ווי אַ קליין שפּענדעל. דער ים האָט רציחה׳דיג געזאָדען און געפינעט אַז ס׳האָט געוואָרפען אַ שרעק אויף אַלע רייזענדע. ווער ווייסט אפשר איז די נאַטור דאָס אין כעס אויף די זינדיגע מענשען, וואָס האָבען גענומען כמעט דאָס שענסטע ווינקעלע אויפ׳ן ערד קוגעל און עס איבערגעגעבען אין דער ממשלה צום טייוועל, פאַרוואַנדלענדיג דאָס אין דער שמוציגסטער נעסט פון זינד...

ווען אונזער „לאָפּלאַנד" האָט זיך ווידער געריהרט און אונזער גרופּע האָט זיך צוזאַמענגעקליבען אויף דער אויבערשטער דעק פון שיף, האָב איך פאָרגעשלאָגען פאַר אונזערע חברים אַז מיר זאָלען צוזאַמענלעגען הונדערט דאָלאַר פאַר׳ן אידישען נאַציאָנאַל פאָנד, און דערמיט אָפּווישען אונזער חטא אין מאַנטא־קאַרלאָ. חברה האָבען געפאָלגט און ס׳איז גלייך געשאַפען געוואָרען פולע הונדערט דאָלאַר פאַר׳ן קרן קימת.

# ביים גיבראַלטאַר

דעם 13טען אפּריל זיינען מיר דורכגעפאָהרען די ברעגען פון שפּאַניען. די זון האָט אַ גאַנצען טאָג מיט איהר טראָפּישען טעמפּעראַמענט פרעהליך פאַרבראַכט, געטאַנצט, געשטיפּט מיט אונז צוזאַמען אויפ'ן דעק פון שיף און „געהאַלטען קאָמפּאַני" מיט אונזער „לאָפּלאַנד". אין איין און דערזעלבער ריכטונג פון מזרח צו מעריב, זיינען זיי ביידע געשוואומען אויף צוויי אומענדליכע בלויע ימים... אונזער שיף פון אונטען און די זון פון אויבען... די זון האָט ענדליך זיך זעהר העפליך פאַרניינט פאַר אונז און לאַנגזאַם זיך אַראָפּגעלאָזט צו זיך אין שלאָף־צימער, איבערלאָזענדיג אונטער זיך איבער'ן גאַנצען האָריזאָנט אַ לאַנגען רויטען טוך... אפשר דער שלעפּ פון איהר קלייד... אַ שעהנע, וואונדערליך שעהנע פּאַנאָראַמע...

אָבער די רויטע פלעקען וואָס זיינען לאַנג געשטאַנען אויף די שפּאַניער הימלען, האָבען מיך באַלד אַריבערגעטראָגען אין טרויעריגע געדאַנקען און דערמאָנט אינ'ם פאַרגאָסענעם בלוט פון אונזערע עלטערען אין יענער אומגליקליכער עפּאָכע פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע. געפיהלען פון שנאה האָבען זיך געוועקט אין מיין הארצען און מיינע ליפּען האָבען אויסגעדריקט אַ פלוך צו יענעם פאַס ערד וואָס מיר האָבען געזעהן אויף דער רעכטער זייט פון אונזער שיף און וואָס טראָגט אויף זיך דעם נאָמען שפּאַניען...

מיר זיינען פאַרבייגעפאָהרען די פּירינעער־בערג און די שטאָדט בארצעלונא און אויף מאָרגען, דעם 14טען אפּריל, האָבען מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף צוויי שעה ביים גיבראַלטאָר.

א שמאָלער פאַס ים, וואָס נעמט צונויף דעם מיטלענדישען ים מיט'ן אטלאַנטיק. פון צפון זייט זעהט זיך אייראָפּעאישע ברעגען און אין דרום זייט־אפריקא. דיזער שטיק ים הייסט דער „דורכ־פלוס־גיבראַלטאַר", דאָס איז די גרעסטע פעסטונג אין דער וועלט. די צוויי שטונדען וואָס מיר זיינען געשטאַנען ניט ווייט פונ'ם ברעג האָבען מיר ניט אראָפּגעלאָזט די בינאקלס פון אונזערע אויגען, ניט וויסענדיג וועלכעס מעהר צו באַוואונדערען צי די פעסטונג פון דער נאַטור, דעם ריזיגען פעלזען באַרג וואָס שטעהט אויף דער שפּאַנישער זייט מיט א שאַרפען שפּיץ אריינגעשטעקט גלייך אין הימעל אריין, צי פון די אומצעהליגע געפּאַנצערטע שיפען, געביידעס מיט קינסטליכע פעסטונגען פון וועלכע עס שטעקען ארויס צעהנדליגע הונדערטע קאַנאָנען מיט זייערע גרויזאַמע אָפענע מיילער. דאָס איז איינער פון די שטאַרקסטע צענטערען אויפ'ן ערד־קוגעל וואו ענגלאַנד איז באַפעסטיגט און האַלט די גאַנצע וועלט ביים גאָרגעל... איצט האָבען מיר פאַרשטאַנען אביסעל די באַדייטונג פון די ווערטער: „שטאַרק ווי דער גיבראַלטאַר"...

שבת, דעם 17טען אפּריל, זיינען מיר פאַרבייגעפאָהרען אויפ'ן אטלאַנטיק די אזורען־אינזלען, צווישען וועלכע עס געפינט זיך דער באַרג „פּיקאליין". פון ווייטענס קוקט ער אויס ווי א גרויסער פּיראַמיד אין מיטען ים. די הויך פון איהם איז 4 טויזענט פוס. דאָס איז געוועזען דאָס לעצטע שטיקעל לאַנד וואָס מיר האָבען געזעהן אויפ'ן ים. נאָכדעם האָבען מיר זיך אוועקגעלאָזט מיט'ן גרויסען ברייטען אָקעאַן אויף גאַנצע זעקס טעג, ביז'ן 23טען אפּריל.

דער ים, ווי להבדיל, א מענש, אמאָל רוהיג און גוט, אז ס'איז געוועזען א מחיה מיט איהם זיך דורכצורעדען... דאַמאָלס פלעגט זיך אונזער גרופּע אויסזעצען אויפ'ן דעק. מיר פלעגען זיך דער־צעהלען מעשה'לעך מיט גלייך־ווערטלעך און אויך זינגען אידישע און העברעאישע לידער, וועלכע ה' בן־עמי, פון פילאדעלפיא, האָט אונז געגעבען אין א פולער מאָס און פון די בעסטע... און די

שטילע כוואַליעס פונ׳ם מילדען ים האָבען אונז באַגלייט מיט אַ זיסען מוזיקאַלישען אַקאָמפּאַנימענט. אמאָל, האָט דער זעלבער ים, דער שותק, זיך צובייזערט און אַרויס פון די כלים... דאַמאָלס האָבען מיר זיך שוין אַלע געמוזט באַהאַלטען פאַר איהם... די פיהרער פון דער שיף מיט די סטויאַרדס, קענענדיג גוט „זייער משוגענעם״ אַז ער האָט אַ מיאוס׳ע טבע ווען ער ווערט אין כעס צו ברעכען טעלער און גלעזער און וואָס עס טרעפט זיך איהם אין די הענד אריין, האָבען שוין געטאָן כל־ערליי התפעלות, ס׳זאָל קיין שאָדען ניט זיין. אזוי האָבען מיר שטיל געליטען ביז דער מה־יעשה׳ניק האָט זיך איבערגעמאָרדעוועט און איז צוריק שטיל גע־וואָרען... נאָכהער איז ער געוואָרען מיט אונז נאָך מעהר גוטער ברודער ווי פריהער... משמעות ער האָט זיך אַליין געשעהמט פאַר זיין אייגענעם טעמפּער...

דעם 23טען אפּריל, פרייטאָג פאַר נאַכט, האָבען מיר ווידער דערזעהן ניו יאָרק. אויפ׳ן פּיער האָבען אונז באַגעגענט אונזערע ליבע קינדער, אייניקלעך, אַלע אייגענע און פריינד... מיר זיינען געווען זעהר גליקליך זיי צו זעהן. מיר זיינען געווען זעהר צופרידען מיט אונזער קומען צוריק צו אונזער אַמעריקאַנער היים, אַ היים כאָטש אין גלות... אָבער קיין ערגערען גלות מעג זיך דאָס אידישע פאָלק ווינטשען ניט צו האָבען כל זמן ס׳איז איהם באַשערט צו זיין אין גלות... און, ווי זאָגט מען עס, בעסער האָט קיין שיעור ניט...

דאָך, אונזער הארץ איז געבליבען און וועט אייביג בלייבען דאָרט אין אונזער לאַנד, אין אונזער ארץ ישראל.

אנו במערב ולבנו במזרח!